לואי מאַרקאָוויטש

•

# דריי מאָגעלניצער

געווידמעט דעם אָנדענק פון מיין ליבען פאָטער

## יצחק מאַרקאָוויטש

און זיינע צוויי נאָענטסטע חברים

## מאקס שניצער

און

## לואי ראפאפאָרט

(עליהם השלום)

•

אַן אָפּשאַצונג פון זייער אַרבייט
לטובת זייערע מאָגעלניצער לאַנדסלייט
אין אַמעריקע און מעבר לים

# אַ בריוו פונ׳ם דירעקטאָר פון דעם קאָנסיל פון אָרגאַניזאַציעס ביים פאַראייניקטן אידישן אַפּיל

**חשובער פריינט מאַרקאָוויטש!**

אייער ווערק, געווידמעט „די דריי מאַגעלניצער״, רופט ארויס ביי מיר באמת א ספּעציעלן נחת רוח. איך האב געהאַט די ערע צו קענען די דאָזיגע „דריי מאַגעלניצער״, וועלכע האבן במשך פון א סך יאָרן באַשיינט די אידישע גאַס מיט זייער פאָלקסטימלעכן אינ־טערעס פאַר אַלץ, וואָס איז טייער געווען אין אידישן לעבן.

עס איז אָן צווייפל דער פאַרדינסט פון די דריי חשובע מאַ־געלניצער, מאַרקאָוויטש, שניצער און ראַפּאַפּאָרט, וואָס נאָך ביז היינטיגן טאָג שטייט די קליינע מאַגעלניצער לאַנדסמאַנשאַפט אָר־גאַניזאַציע אין ניו יאָרק אַלס לעבעדיגער דענקמאָל פאַר דער איבער־געגעבנקייט און מסירת נפש וואָס אונדזערע זיידעס און טאַטעס האָבן שטענדיג געהאַט פאַר די ווערטער — „ברידערלעכקייט און צדקה״.

נישט אַלעמאָל קען מען מעסטן מיט דער מאָס פון געלט. עס זיינען פאַראַן מאָמענטן ווען דער סענטימענט און די הארציגקייט זיינען וויכטיגער ווי דער דאָלאַר. די מאַגעלניצער פּערסאָניפיצירן דעם דאָזיגן גייסט אויף דער אידישער לאַנדסמאַנשאַפט גאַס אין דער גרויסער פאַרפרעמדטער ניו יאָרק.

אייך, פריינט מאַרקאָוויטש, קומט א ספּעציעלער דאַנק פאַר אייערע לייסטונגען אין שאַפן אַן אומשטערבלעכן דאָקומענט וועגן אייערע הארציגע מאַגעלניצער. איך וויל האָפן, אַז אייער ארבעט וועט אַרויסרופן די געהעריגע אָנערקענונג ביי א סך אַנדערע לאַנדס־מאַנשאַפט אָרגאַניזאַציעס נאָכצוטאָן דעם נאָבעלן ביישפּיל פון די דריי אומפאַרגעסלעכע, הארציגע אידישע נשמות.

נעמט אָן נאָכאַמאָל מיין הארציגן דאַנק פאַר אייער וואונדער־בארער איניציאַטיוו.

אייער

**נחמיה גילמאָווסקי**

אין דער זעלבער מאָס ווי דאָס גערעדטע אידישע וואָרט ווערט אַלץ שוואַכער, אין דער זעלבער מאָס ווערט דאָס געשריבענע אידי־שע וואָרט אַלץ שטאַרקער. מיר, דער דור פון די 90־ער יאָרן, זיינען געווען עדות פון ביידע געשעהענישן. מיר האָבן געלעבט צווישן ברייטע אידישע פאָלקס־מאַסן וועמענס איינציקע שפּראַך איז געווען אידיש, אָבער לכל הפּחות איז אידיש געווען זייער אומגאַנגס־שפּראַך אין זייער אייגענער היים, משפּחה און אין טעגלעכן לעבן פון זייער סביבה. פאַר אונזערע אויגן איז פון „זשאַרגאָן" געוואָרן אַ אידיש לשון, און פון עטלעכע זשאַרגאָנישע ביכלעך איז אַנטשטאַנען און עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ ריזיקע אידישע ליטעראַטור אויף אַלע געביטן: פון איינפאַכן מעשה־ביכל ביז צו שפּיצן פון וויסנשאַפט און פילאָזאָפישן געדאַנק.

און איצט איז אונז באַשערט צו זיין עדות ווי אין דער אידישער שפּראַך, וועלכע איז פאַרשניטן געוואָרן דורכן חורבן אידיש־אייראָפּע און דורך שפּראַכלעכע אַסימיליאַציע, ווערט פאַרפיקסירט דאָס פאַר־שוואונדענע אידישע לעבן אין דער פאָרם פון כראָניקס, לעבענסגע־שיכטע און מעמואַרן.

אָט דאָס בוך פון לואי מאַרקאָוויטש איז אַ געמיש פון אָט די אַלע דריי עלעמענטן; דער מחבר, ווי אַ נישט־פּראָפעסיאָנעלער שריי־בער, איז נישט צוגעגאַנגען מיטן באַוואוסטזיין פון שרייבער פון אַ געוויסן זשאַנר אויפצובויען אַן איינהייטלעך ווערק פון אַ באַשטימטן כאַראַקטער. ער האָט געהאַט איין כונה: אַרוסצוזאָגן פון זיך די גע־פילן וואָס ער האָט צו זיין געבוירן שטעטל, צו זיין אייגענער משפּחה, באַזונדערס צו זיין פאָטער און צו זיינע לאַנדסלייט. פאַר דעם צוועק האָט ער באַנוצט אַלע דריי עלעמענטן: פאַרהאַן אַ ביסל שילדערונ־גען פון אַמאָליקן שטייגער־לעבן אין דער אַלטער היים, זכרונות און מעמואַרן וועגן טיפּן פון אַמאָליקן היים־שטעטל, און די לעבנסגע־שיכטע פון דער אָרגאַניזאַציע און פון די מענטשן, די מיטגלידער פון דער לאַנדסמאַנשאַפט אין דער נייער היים, אין אַמעריקע.

ווי איינער, וועלכער איז אויך פון זעלבן פלייש און בלוט, און האָט אויך די זעלבע געפילן צו דעם דאָזיקן לעבן און מיטמענטשן, האָב איך מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם געלייענט אָט די האַרציקע, פּריי־מיטיווע און נישט־צוגעפּאַרבטע באַשרייבונגען. דאָ איז מיר געקו־

מען אויפן געדאַנק דער מאמר פון אונזערע חכמים, אַז פון פרט (יחיד, איינצעלנעם) קאָן מען לערנען דעם כלל (קאָלעקטיוו), און פון כלל קאָן מען לערנען דעם יחיד.

מאַגעלניצע איז פאַרן שרייבער אַ באַשטימט אָרט, נישט קיין פאַנטאַזיע. ער איז דאָרט געבוירן און זיינע יונגעלשע יאָרן פאַרבראַכט, געהאַט חברים, פריינט, משפחה און נאָנטע. ער קען זיי, ער רופט זיי אָן ביי די היימישע נעמען מיט די „טיטולן", וואָס באַגלייטן אַט די נעמען. ער באַשרייבט זייער עקאָנאָמישן מצב, זייערע לעבנס־באַדינגונגען, געוויסע מנהגים, אָבער פאַר'ן לייענער איז מאַגעלניצע אַ סימבאָל, ווייל אַזוי האָבן דאָך אויסגעזעען אַלע אונזערע אַמאָליקע היימען. אַט דאָס איז דאָך געווען די פאָרם לויט וועלכער עס זיינען געווען ווי אויסגעגאָסן אונזערע געבוירן־ערטער, וואו מיליאָנען אידן האָבן געלעבט און געשאַפן דאָס אידישע לעבן, וועלכעס איז מער נישטאָ, און וואָס געהט אַריבער אין געשיכטע.

און דערפאַר איז דעם לייענער אַזוי נאָנט יעדע שורה, כאָטש זי איז נישט דירעקט פון זיין שטעטל, ווייל נעמט מען אַרויס די נעמען פון די מענטשן און פון די גאַסן, באַקומט זיך אַ בילד פון אייגענעם שטעטל.

און דאָס שטעטל האָט זיך געטיילט: איין טייל איינוואוינער איז געבליבן לעבן אין שטעטל ביז עס איז געקומען דער וועלט־מחבל היטלער ימח שמו, און דער אַנדערער טייל האָט זיך נאָך פריער געלאָזט אויף דער עמיגראַציע — אין גאָלדענעם לאַנד, און ווידער האָבן מיר אין מאַרקאָוויטש'עס בוך דאָס קאָלעקטיווע בילד ווי אַזוי די דאָזיקע אימיגראַנטן האָבן זיך איינגעאָרדנט אין זייער היים, אין אַמעריקע, און ווי אַזוי זיי האָבן געפּרואווט, אין אַמעריקאַנער פאַרמען, אויף אַ נייעם שטייגער, אָנהאַלטן זייער געמיינזאַמקייט אין אַמעריקע און זייער צוגעבונדנקייט און אינטערעס פאַר דער אַלטער היים־שטאָט.

זייענדיק אַליין אַקטיוו אין מיין אייגענער לאַנדסמאַנשאַפט לאָדזש, און קענענדיק אַביסל די לאַנדסמאַנשאַפטן־ליטעראַטור, געדענק איך נישט, אַז וועלכעס עס איז אַנדערע לאַנדסמאַנשאַפטן־שרייבער זאָלן האָבן אַזוי גענוי פאַרצייכנט די געשיכטע ווי אַזוי לאַנדסלייט האָבן זיך איינגעאָרדנט אין אַמעריקע, ווי מאַרקאָוויטש טוט עס אין זיין בוך. ווי אַ געטרייער פאַרליבטער זון אַקצענטירט ער טאַקע מער די איינאָרדנונג און עטאַבלירונג פון זיין אייגענער שטוב און די

פאַרשידענע פּרנסות פון זיין אייגענער פאַמיליע, אָבער ער לאָזט אויך נישט דורך די געלעגנהייט מיט אַ שורה־צוויי אָבער זייער קלאָר, צו פאַרצייכנען ווי אַזוי זיי זיינען דאָ געקומען צו זייער עקאָנאָמישן מצב. נישט ווייניקער וויכטיק איז דער פאַקט, וואָס ער האָט פאַר־שטאַנען נישט איינצוצוימען זיך אין איין שטאָט ניו יאָרק, כאָטש דער גרעסטער טייל פון דער אימיגראַציע איז נאַטירלעך געגאַנגען אין דער דאָזיקער ריכטונג, נאָר ער האָט זיך באַמיט און עס איז אים געלונגען צו פאַרפיקסירן די געשיכטע פון אידישער אימיגראַציע אין אייניקע אַנדערע שטעט פון אַמעריקע, פון וואַנען און וועגן וועלכע מיר האָבן נישט קיין אַנדערע קוואַלן, און אַזוי נאָך וועט זיין קליין בוך שטאַרק דינען דעם צוקונפטיקן היסטאָריקער פון אידישן אימי־גראַנטן־לעבן אין אַמעריקע.

דאָס בילד, וואָס מיר באַקומען דורך דעם בוך, וואָלט באמת נישט געווען גאַנץ ווען מאַרקאָוויטש ציט נישט אַריין דעם נייעסטן אימיגראַציע־פּלאַץ, וואו די רעשטלעך געראַטעוועטער פון זיין היים־שטעטל מאָגעלניצער האָבן געפונען אַ מקום מנוחה אין וואו זיי ווייזן ווידער ארויס זייער אינטימע נאָנטקייט פון לאַנדסמאַנשאַפט: אין מדינת ישראל.

אויף אַזאַ אופן איז אין אָט דעם קליינעם בוך געשאַפן געוואָרן אַ בריק צווישן דער פאַרגאַנגענהייט (היים־שטאָט מאָגעלניץ), קעגנ־וואַרט (אַמעריקע) און (אפשר) צוקונפט (מדינת ישראל), — אַ ליניע, וואָס צייכנט די גאָלדענע קייט פון כלל ישראל־אינטערעסן, פון די שענסטע מידות פון אונזער פאָלק.

וואָלט איך נישט געמוזט זיך באַגרענעצן, וואָלט איך געקאָנט זיך לענגער אָפּשטעלן וועגן פיל פּלעצער פון מאַרקאָוויטש'עס ביך, אויף פאַרשידענע עפּיזאָדן און פּערזענלעכקייטן און טאַקע באַזונ־דערס וועגן דער גרויסער פאַרערונג צו זיין פאָטער, וועלכן איך האָב געהאַט דאָס פאַרגעניגן פּערזענלעך גוט צו קענען און צו שעצן. אין יעדער שורה וועגן זיינע עלטערן דריקט זיך אויס דאָס געפיל פון כבוד אב ואם, וואָס ער האָט ביי זייער לעבן שטאַרק אָפּגעהיט, און וואָס ער האָט פאָרטגעזעצט נאָך זייער טויט דורכן אָנשרייבן אָט דאָס בוך, אַן אָנדענק נאָך זיי און נאָך זייער און זיין אייגן געבוירן־שטעטל מאָגעלניצע.

**זלמן זילבערצווייג.**

ניו יאָרק ט"ו מרחשון תש"י
יום פטירת אבי ז"ל.

# Mogelnitza



## מאָגעלניצע.

דאָס שטעטל, פּונקט ווי די דריי מענשען צו וועמען דאָס בוך איז געווידמעט, איז מער נישטאָ.

דאָס ערשטע איז אָפּגעווישט געוואָרען פון דעם גרויסען וועלט חורבן, וואָס האָט אַזוי גרויזאַם אומגעבראַכט איבער זעקס מיליאָן פון אונזער פאָלק. עס קומען צו אונז ידיעות פון דעם הייפעלע גע־ראַטעוועטע, אַז עס איז נאָך דאָ אַ סקעלעט פון דעם אָרט, ווי אונזע־רע וויגעלאַך זיינען געשטאַנען, אָבער נישט מער ווי אַ סקעלעט. ווייל קיין אידען זיינען דאָרט מער ניטאָ. פאַר אונז, מאָגעלניצער אידען איבער דער גאָרער וועלט, קאָן דאָס שטעטל אָהן אידען, אָהן דער אידישער סביבה און אָהן דעם אידישען פּולס און אימפּעט — נישט לעבען. מעג דער הויכער טורם מיט די שפּיצען פון קאָשציאָל זיך רייסען צו דעם מאָגעלניצער הימעל, פעהלט אָבער דאָך דאָס וואָרעמ־קייט און גאַטספאָרכטיקייט פון אונזער אַלטער שוהל און אונזער איינפאַכען אָרימען בית המדרש.

דאָס איז אַ געפיהל, וואָס מיר האָבען איינגעזאַפּט אין אונזערע קינדער יאָרען און עס איבערגענומען בירושה פון אונזערע זיידעס און טאַטעס. לײדער הויבען מיר אָן צו באַמערקען אין די נײ—אדאָפּטירטע היימען אונזערע, ווי די אומדערבאַרעמדיקע צייט שטייט נישט, מיר ווערען עלטער. אונזערע טייערסטע און נאָענטסטע פאַרלאָזען אונז און גייען אַוועק אין דער אונענדליכער אייביקייט.

אין אַזאַ שטימונג, איז ביים שרייבער איינגעפאַלען דער געדאַנק, אַז עס וואָלט געווען ווינשענסווערט צו פאַרשרייבען און פאַרצייכענען, וואָס עס איז געוואָרען פון די אידען פון אונזער שטעטל, וועלכע דער שיקזאַל האָט מיט פיל יאָרען פאַר דעם גרויסען אומגליק, אַריבערגעפירט אין אַנדערע לענדער, און ווי זיי און זייערע לאַנדסלייט האָבען זיך אין די נייע היימען איינגעלעבט און אויסגעלעבט זייערע יאָרען.

איך האָף, אַז קיינער וועט נישט אויסטייטשען, אַז די אורזאַך פון דעם בוך, איז געווען צו געבען אַ געלעגענהייט אַ זוהן אָבצוגעבען כבוד פאַר זיין פאָטער און זיינע חברים, כאָטש, אויב אַפילו יאָ, וואָלט דער געדאַנק אויך געווען אַ באַרעכטפערטיגטער. דער שרייבער וויל אָבער פאַרזיכערען אַז אויף אַזוי ווייט, ווי זיינע שוואַכע כוחות האָבען איהם דערלויבט, האָט ער בלויז געוואָלט עס זאָל ווי עס איז זיין פאַרשריבען, ווער עס זיינען געווען די ערשטע מאָגעלניצער אידען אין אַמעריקע, וועלכע האָבען זיך פאַראינטערעסירט צו פאַרלייכטערען דאָס לעבען פון זייערע לאַנדסלייט, וועלכע האָבען זיך אַריבערגעקליבען פון דעם קליינעם פוילישען שטעטעלע און זיך באַזעצט אין דער גרעסטער טומעלדיגסטער וועלט-שטאָט, ניו יאָרק.

דאָס איז נישט קיין אָפיציעלע היסטאָריע פון דער מאָגעלניצער פאַסייעטע אין ניו יאָרק. דאָס לאָז איך איבער פאַר שפּעטערדיגע, מער קאָמפּעטענטע היסטאָריקער. עס וועט אָבער זיין דאָס ערשטע מאָל אין אַמעריקע, וואָס אַ פּאַרזון איז געמאַכט געוואָרען צו שילדערען די אומדערמידליכע אַרבעט, וואָס דריי פון אונזערע ניו יאָרקער לאַנדסלייט האָבען אויפגעטאָן אויף דעם געביט פון אָרגאַניזאַציע און רעליף.

אויב דאָס וועט מיר אין אַ געוויסע גראַד געלינגען, וועל איך זיין צופרידען, אַז עס וועט בלייבען אַן אָנדענק פאַר מיין ליבען פאָטער, יצחק מאַרקאָוויטש און זיינע חברים, מרדכי שניצער און לייבוש ראַפּאַפּאָרט.

אויפֿן ראָג זשאַרנעווער גאַס, קעגנאיבער גרשון שענקער, אויף א בוידעם־שטיבל, האָט געוואוינט מרדכי שמוקלער. דאָס איז נישט געווען זיין אמת׳ער נאָמען. שפּעטער, אין אַמעריקע האָב איך אויס־געפונען, אַז זיין אמת׳ער נאָמען איז מרדכי (מאַקס) שניצער. דער נאָמען אונטער וועלכן ער איז געווען באַוואוסט אין מאָגעלניצא איז אָבער געווען מרדכי אוצר, און זיין ווייב, רבקה, האָט מען טאַקע גערופֿן רבקה אוצר. פֿאַרוואָס אוצר? ווייל די אַלטע אסתר־ביילע, רבקה׳ס מוטער, האָט זיך אַ::י געשמ׳ט מיט איר וואַרשעווער איידעם, אַז זי האָט אין מאַרק, אָדער אין יאַטקע זיך באַרימט צווישן די ווייבער, אַז איר טאָכטער רבקה האָט געקראָגן אַ חתן פֿון וואַרשע, אַן אמת׳ן אוצר! דאָס איז שוין געווען גענוג, אַז דורך דער גאַנצער צייט פֿון דער משפּחה׳ס וואוינען אין מאָגעלניצע האָבען די עלטערן געהייסן מרדכי און רבקה אוצר.

דער טאַטע פֿלעגט מיך אָפֿט מיטנעמען, ווען ער איז געגאַנגען צו מרדכי שמוקלער. ווען מיר זיינען צוגעקומען צום בוידעם־שטיבל האָט דער טאַטע מיך אויף די הענט אַרויפֿגעטראָגען אויף דעם לייטער וואָס האָט געפֿירט צו דער שטוב, איך בין דאַן אַלט געווען אַ יאָר זעקס אָדער זיבן. אין דער גרויסער שטוב זיינען געווען אָנגעשטעלט שטוהלען מיט אַ וואַרשטאַט, ביי וועלכע יונגען און מוידען פֿלעגן זיצען און אַרבעטן שמוקלעריי, דערפֿאַר האָט ר׳ מרדכי טאַקע גע־הייסען „שמוקלער”, ווי אַלע אַנדערע פֿאַכלייט פֿלעגן גערופֿן ווערן לויט זייערע באַשעפֿטיגונגען, ווי „הערשל שניידער”, „חיים שוסטער” „יאָסל סטאָליאַר” א. א. וו. אין שטוב האָט געראָיעט ווי אין אַ בינשטאָק, אַ חוץ די געזעלן האָט אויך זיך אַרומגעפּאָרעט אַ כאָפּטע קינדערלאַך, און די באַלעבאָסטע רבקה איז געווען פֿאַרנומען מיט׳ן קאָכן אָנבייסן און אַליין באַקען פֿאַר דער קיין איין הרע׳דיגער משפּחה. דער טאַטע, וועלכער האָט אַליין אויך געהאַט שטולן מיט געזעלן אין

דערהיים, וועלכע האָבן געאַרבעט ביי פּעדערען, פלעגט שמועסן מיט ר׳ מרדכין און ביים אוועקגיין, געדענק איך, האָט מיר שטענדיק רבקה געגעבען אַ שטיקל פריש געבאַקענעם פלאָדן. עס קען זיין, אַז צוליב אָט די שטיקער פלאָדן האָב איך אַזוי ליב געהאַט צו גיין מיט׳ן טאַטן צו די „אוצרס״.

דאָס האָט געמוזט זיין אין סוף פון די 1890־גער יאָרן. דאַן איך האָב געהערט, אַז ר׳ מרדכי שמוקלער מיט זיין משפחה האָבן זיך אוועק געצויגען נאָך וואַרשע. איך ווייס אויך, אַז מיין טאַטע איז אַרום געפאָרן בשותפות מיט מרדכי שמוקלער איבער דער פּוי־לישער פּראָווינץ און געהאַנדעלט מיט זייגערס, גאַרמאָניעס, און פאַרשיידענע שפּיל־אינסטרומענטן, נאָר קיין צו גרויסע גליקן האָבן זיי אפּנים ניט געמאַכט. אַלץ וואָס דעם טאַטן איז געבליבן פון דעם געשעפט, איז טאַקע געווען אַ פּאָר זייגערס און עטליכע גאַרמאָ־ניעס, אָבער פאַר אַ יונגל פון אַ יאָר זיבן איז אַ גאַרמאָשקע געווען אַ גאַנץ אָנגעזעהענע מתנה.

נאָך איינמאָל האָב איך געזעהן ר׳ מרדכין אין מאָגעלניצע, ער איז איינמאָל אין אַ יום־טוב געקומען פון וואַרשע זיך זעהן מיט זיין ווייב׳ס משפחה. מיר דוכט, אַז דאָס איז ער געקומען זיך געזעגענען פאַר זיין אָפּפאָרען קיין אַמעריקע. ער איז אויך אַריינגעקומען צו אונז אין שטוב זיך געזעגענען מיט׳ן טאַטן, זיין אַמאָליגן שותף, און האָט זיך מיט אונז אַלעמען געפרייט, ווי מיט זיין אייגענער משפחה. ער האָט מיט זיך מיט־געהאַט זיין עלטסטן זוהן ישראל־לייב, וועלכער איז שוין געווען אַ גרויסער אינגל. ער האָט זיך אָבער געפרייט מיט מיר כאָטש איך בין געווען פיל יונגער און פיל קלענער, ער האָט מיך אָבער געדענקט, ווייל מיר האָבן געהאַט דעם זעלבן נאָמען, ישראל־לייב. ווען זיי זיינען אוועק געדענק איך נאָך דעם זיי־געזונט פון דעם „גרויסן״ ישראל־לייב. ער האָט מיר שטאַרק געדריקט די האַנט און מיר געזאָגט „זיי געזונט, ישראל־לייב׳על׳ע״. ווען איך האָב שפּעטער געהערט פון ר׳ מרדכי שמוקלער, זיינען זיי שוין גע־ווען אין אַמעריקע. די אַלטע אסתר־ביילע, וועלכע האָט געוואוינט אין מיין באָבע שבע׳ס הויף, הינטער בינם קאַשע־מאַכער, פלעגט מיר ברענגען בריף פון איר טאָכטער רבקה פון אַמעריקע, און איך האָב זיי געלייענט פאַר איר און אויך פאַר איר געשריבען ענט־פערס צו אירע קינדער קיין אַמעריקע. מיין לוין פון איר איז געווען אַ פּאָר צוקערלאַך אָדער אַפּאָר זויערע אוגערקעלאַך, לויט מיט וואָס זי האָט בשעת מעשה געהאַנדעלט אין מאַרק. איך געדענק ווי די

אלטע אסתר־ביילע האָט זיך באַגאָסן מיט טרערן, ווען זי האָט דערהאַלטן פאָטאָגראַפיעס פון אירע אייניקלאַך פון ניו יאָרק. זי האָט מיר אויסגערעכענט זייערע נעמען. דאָס איז ישראל־לייב, דאָס איז פערעלע, און דאָס מיידעלע הייסט גיטעלע, און דאָס איז פסח־משה'לע אין זיין טלית'ל ביים בר־מצוה ווערן און דאָס יונגסטע מיידעלע הייסט חנה'לע. דעם איינציגן וואָס איך האָב דערקענט, נאָך פון דערהיים איז געווען ישראל־לייב.

אין 1905, ווען דער טאַטע האָט אונז אַריבערגעבראַכט קיין ניו יאָרק, האָט ער מיך תיכף ביים צווייטען טאָג, געפירט צו זיין לאַנדסמאַן מרדכי שניצער. דאָ אין אַמעריקע, האָט ער געזאָגט, איז אויס שמוקלער און אויס אוצר, דאָ הייסט ר' מרדכי אויף ענג־ליש, מאַקס שניצער. מיר זיינען צוגעקומען אויפן ראָג ריווינגטאָן און עסעקס סטריט, דאָ האָב איך ערשט דערזעהן דעם אמת'ן בינ־שטאָק. עס האָט געזשומעט און געקאָכט, ווי אין אַ קעסל. מענטשן זיינען געגאַנגען איינער אויפ'ן אַנדערן ביי די וועגעלאַך אויסגע־שטעלטע אין גאַס האָבען די „פעדלערס" (גאַסען־הענדלער) אויס־גערופן זייערע „באַרגענס" (מציאות) אויפן קול. מענטשען פאַרביי־געער האָבן זיך אָפּגעשטעלט, זיך געדונגען, געקריגט. עס האָט מיך דערמאָנט אין דער וואַרשעווער „האלע", ווען איך פלעג מיט'ן טאַטן דאָרט פאַרברייינגען בשעת ער פלעגט מיך מיטנעמען צום רבי'ן ר' משה'לע אויף יום־טוב. אָבער אין ריווינגטאָן און עסעקס סטריט, אין 1905, האָט מען געקאָנט אַריינשטעלן זעקס „האליעס", און דער טומעל איז דאָרט געווען צעהן מאָל אַזוי גרויס.

LOUIS RAPPAPORT



לייבוש ראַפּאָרט

ווען איך האָב געלערנט אין חדר ביי פּיניע מלמד, אָדער ווי מיר יונגלאַך פלעגן איהם רופען פּיניע „פּאָניע“, מחמת, ער איז געקומען פון רוסלאַנד און גערעדט מיט אַ ליטווישן אַקצענט, געדענק איך איינעם פון די תלמידים, אַ קליינעם יונגעל מיט קליינע שוואַרצע אויגען, וועלכער האָט געהייסען שלמה׳לע האַלב־טויט. דאָס איז געווען ווייל אויך זיין טאַטען האָט מען גערופן לייבוש האַלב־טויט. שפּעטער האָב איך אויסגעפונען, אַז זייער פאַמיליען נאָמען איז געווען ראַפּאַפּאָרט און געוואוינט האָבען זיי אין דעם קליינעם הייזעל קעגנאיבער דעם „ריוו“ אויף דער צווייטער זייט פון בית המדרש. אין זעלבן הויז, געדענק איך, האָט געוואוינט ישראל־לייב שוחט. איך פלעג זעהר אָפט אַריבער־געהן דעם „ריוו“ זיך אָבשטעלן ביי דעם הויז אויף דער אַנדערער זייט פון ר׳ לייבוש׳ס הויז. דאָרט האָט געוואוינט אברהם גראַבאָזש און איבערהויפּט פלעגט מיך ציהען צום הויז פון וואָלף־בער שמש. אָט דער וואָלף־בער שמש, וועמעס פאַמיליען נאָמען איז געווען הירש, האָט אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק. אַ הויכער געזונטער איד מיט אַ לאַנגע גרויע באָרד, האָט ער געדינט דעם שטעטעל אַלס הויפּט קברון. ער איז געווען דער לאָדען־קלאַפּער יעדן ערב שבת. זיין „אין שוהל אַ־ריי־יין“ האָט געהילכט פון איין עק שטעטל ביז׳ן צווייטן. דאָך טראָץ זיין ערנסטן אויסזעהן, איז ער געווען זעהר אַ סענסיטיווער און גוט האַרציגער מענש, און הויפּטזעכליך, לויט מיין מיינונג, אַ קינסטלער.

נישט איין מאָל פלעג איך שטיין שעהן־ווייז און זיך צוצוקן, ווען ער פלעגט צייכענען און דערנאָך אַזוי קינסטלעריש קריצען מיט האַמער און דליטע, זיינע מצבות. ווי שעהן עס זיינען פון אונטער זיינע שטאַרקע הענט אַרויסגעקומען די געבלומעלטע מנורות, די כהנים־הענט, און הענט וואָס וואַרפן אַריין מטבעות אין צדקה־פּושקעס. עס איז שטאַרק מעגלאַך, אַז ביי ר׳ וואָלף־בער שמש האָב איך גענאָסן

מיין ערשטע אַהבה פאַר צייכנען, וואָס איז מיר אַזוי נוצלאַך געווען אין מיין שפּעטערדיגער אַרבעט. איינמאָל נאָכ׳ן קוקען צו ר׳ וואָלף־בער׳ס אַרבעט, איז מיין חדר־חבר שלמה׳לע אַרויסגעקומען פון זייער הויז און מיך מיט גערופען צו גיין מיט איהם צו זיין טאַטען, וועל־כער האָט דאָן געאַרבעט ביי יעקב־יודל דעם גאַרבער, ווייט אַרויף ביים סוף פון דער וואָליער גאַס, נישט ווייט פון משה־וואָלף׳ס הויז.

צוקומענדיג צו דער גאַרבעריי האָב איך צום ערשטען מאָל געזעהן ליבוש׳ן. ער צוזאַמען מיט שמעון גאַרבער, וועמען איך האָב שוין געקענט אַלס דער טאַטע פון מיינ׳ס אַ צווייטן חדר־חבר וועל־וועל (באַריינסקי), האָבען געפירט מיט אַ גרויסן מעשענעם וואַלס איבער אַ שטיק אויסגעאַרבעטע לעדער.

אין יאָר 1903 איז מיין זיידע ר' הערשל שניידער, ערנסט קראַנק געוואָרען. נאָר אַ פּאָר וואָכען ליגען, איז ער געשטאָרבען.

דעם זיידען הערשל'ס גסיסה איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב געזען אַ מענטשן שטאַרבען. אַלס אינגעל האָט עס אויף מיר נאַטירלעך געלאָזט אַ טיפן איינדרוק. די באָבע שבע האָט געשיקט נאָכן זיידענ'ס צוויי נאָהענטסטע חברים, ביידע פון די אַנערקענטסטע שניידער אין שטעטל. דער ערשטער איז געווען דער קליינער חיים'לע דער פּאָטער פון יאָסעל און נאָטעלע לעמבערגער, און דער צווייטער, מאיר־יחיאל שניידער. איך געדענק, ווי זיי האָבען געהאַלטן די אָנגעצונדענע ליכט אין די מעשענע לייכטערס פאַר'ן זיידענ'ס פאַרגלעזערטע אויגן. ווי זיי האָבען ווידוי געזאָגט מיט איהם ביז ער האָט אויסגעהויכט זיין נשמה. דערנאָך האָבען טאַקע די ביידע שניידער חברים זיך אַליין אַוועק־געזעצט און אויפגענייט זייער גע־שטאָרבענעם חבר'ס תכריכים.

אַ וואָך נאָך דער שבעה, האָט דער טאַטע דערהאַלטען אַ בריף פון אַמעריקע פון אַנשעל קאָהן (באַזשוש). דער בריף האָט אויפן טאַ־טען געמאַכט אַ גרויסע ווירקונג. דער אַנשל, איז געווען דער באָבע שבע'ס אַ שוועסטער־קינד, און דער טאַטע האָט אָנגעהויבען שטאַרק צו ריידען וועגן פאָרן קיין אַמעריקע. נאָכ'ן דאַוונען מנחה־מעריב אין בית המדרש האָב איך באַמערקט, ווי אַנשטאָט צו גיין גלייך אַהיים, איז דער טאַטע פריער אַריין צו לייבוש ראַפּאַפּאָרט אין הויז. דערנאָך זיינען זיי ביידע געגאַנגען איבער'ן שטעטל און גערעדט צווישען זיך, לייבוש ראַפּאַפּאָרט איז שוין געהאַט געווען אין אַמע־ריקע פריער, און ער האָט אפנים דערציילט דעם טאַטען די גליקן פון דעם גאָלדענעם לאַנד.

אין אַ וואָך אַרום, אַ שבת־צו־נאַכט, האָט זיך דער טאַטע גע־

פאַקט אין וועג אַריין. די מאַמע איז אַרומגעגאַנגען מיט פאַרוויינטע אויגן, נאָר זיך געסטאַרעט מען זאָל נישט דערקענען. דער טאַטע האָט זיך צעקושט מיט מיר, מיין שוועסטער מאַשע, מיינע ברידערלאַך אַברהם׳עלע און משה׳לע און מיר זיינען אַלע מיטגעגאַנגען צום אַמניבוס, וואו דער באַלעבאָס מאַטעס היימיק׳לס האָט געקאָמאַנדעוועט מיט זיין באַרימטן טרייבער, דעם באַוואוסטן „העקל־דזשאַדזשו". דאָרט האָט די מאַמע, און איבערהויפּט די באָבע שבע זיך ערשט צוכליפּעט אויפן אמת׳ן קול — און, דער טאַטע איז געפאָרען קיין אַמעריקע.

אָבער, דער גרעסטער רושם אין שטעטל דעם צווייטען טאָג, איז געווען אַז צוזאַמען מיט יצחקל הערשל־שניידער׳ס איז אויך אַוועק געפאָרען קיין אַמעריקע, לייבוש, ריווע־שרה נחמנ׳ס מאַן.

שלמה׳לע מלאך איז געווען איינער פון די אָנגעזעהנסטע באַלעבאַטים פון מאָגעלניצע, און ווען ער האָט זיך משדך געווען מיט דעם ראַדמער מילנער׳ס זוהן, האָט דער יונגער איידעם געשמט אַלס בן־תורה און ראַפּאַפּאָרט האָט טאַקע געקענט גוט לערנען. נאָכדעם ווי ער איז אָפּגעוועזן עטליכע יאָר אויף קעסט, האָט ער זיך אָבער גענומען אַליין מפרנס זיין ווייב און קינדער און געוואָרן אַ גאַרבער. אַמעריקע איז אָבער דאָך געווען אַ לאַנד פאַר אַפּיקורסים ביי די בעסערע אידן, דערפאַר איז מען געווען אַזוי איבערראַשט ווען לייבוש ראַפּאַפּאָרט איז אַנטלאָפן קיין אַמעריקע.

ווען די מאַמע האָט דערהאַלטען דעם ערשטען בריוו פון אַמע־
ריקע, אַז דער טאַטע און זיין חבר לייבוש ראַפּאַפּאָרט זיינען אָנגע־
קומען קיין ניו יאָרק בשלום, און ריווע־נחמנ׳ס האָט געקראָגען אַ
בריף פון איר מאַן לייבוש, אַז ער און זיין חבר יצחק מאַרקאָוויטש
זיינען געקומען קיין ניו יאָרק בשלום, האָט זיך אָנגעהויבען אַן
ענג־פאַרבונדענע חברהשאַפט צווישן דער מאַמען און לייבוש׳ס ווייב
ריווע. דער טאַטע און לייבוש איידער זיי זיינען אַוועק־געפאָרן האָבען
ביידע חברים געהאַט צו שטיקלאַך שענקלאַך, וואו אידן פלעגן נאָכ׳ן
דאַוונען אריינקומען כאַפּען אַ טרונק בראַנפען, פאַרבייסען מיט אַ
שטיקל הערינג און אַמאָל אויך אַ פערטל גענזנס. די געשעפטן האָ־
בען אויך די צוויי באַלעבאָסטעס אָנגעפירט איז טראָץ דעם, וואָס
מען האָט געקוקט אויף זיך ווי אין אַ געוויסער מאָס קאָנקורענטען,
זיינען זיי זיך דאָך צוזאַמענגעקומען, יעדעס מאָל ווען זיי האָבן דער־
האַלטען בריף פון אַמעריקע, זיי צוזאַמענגעלייענט און זיך צוזאַמען
אויסגעוויינט. אַמאָל איז דאָס געווען טרערן פון פרייד און אָפטמאָל,
טרערן פון בענקעניש.

פאַר אונז, פאַר די קינדער, האָט זיך אָבער די חברשאַפט צע־
פלאַקערט אויף אַ גאָר ברייטען אופן. איך בין געוואָרען אַן אָפטער
גאַסט ביי די ראַפּאַפּאָרטס. דאָרט איז שטענדיג געווען היימלעך. די
צוויי עלטערע מיידלעך וויטעל און רחל האָבען געהאָלפן דער מוטער
פירען דאָס באַלבאַטישקייט. די אינגערע טאָכטער מלכה האָט גע־
מוזט אַכטונג געבען אויף די קלענערע מיידלאַך, חייה׳לע, עלע און
ניחה׳לע. דער אינגער שלמה׳לע איז אָבער געוואָרן אַ מיטברודער
צו מיר. מיר פלעגן צוזאַמען גיין אין חדר און צוזאַמען גיין אין
בעדל אריין. איינמאָל געדענק איך, ווי דער בעדער האָט אונז אריינ־
געלאָזט אָהן געלט. ער האָט געהאַט רחמנות, האָט ער געזאָגט, אויף
די צוויי לעבעדיגע יתומים.

## דער טאַטע און ראַפּאַפּאָרט ברענגען זייערע קרובים קיין אַמעריקע.

אין יאָר 1904 האָט דער טאַטע געשיקט אַ שיפס־קאַרט נאָך דער מאַמענ׳ס ברודער, מיין פעטער לייבוש שטערנשטיין פון לוויטש דער פעטער לייבוש איז געווען אַ שיינער געזונטער יונגערמאַן. נאָך נישט קיין איין און צוואַנציק יאָר אַלט געווען, איז ער אָבער געווען אַ גוטער בליאַכאַרזש (בלעכער), און אין אַמעריקע האָט דער טאַטע אויסגעפונען וועט ער זיין אַ גוטער פאַרדינער.

דער פעטער לייבוש איז טאַקע געקומען קיין מאָגעלניצע זיך געזעגענען מיט מיין מאַמע, און זיינע אַנדערע צוויי שוועסטערן, די מוהמע בלוהמע און די מוהמע רבקה. ווען ער איז אַוועקגעפאָרען האָט ער צוגעזאָגט אויך גלייך שיקען נאָך זיין עלטערן ברודער, דעם פעטער לאָזער־מאיר.

דאָס זעלבע יאָר (1904) האָט אויך לייבוש ראַפּאַפּאָרט געשיקט נאָך זיינע צוויי עלטערע טעכטער וויטל און רחל׳ען. דער חשבון איז געווען, אַז מיט די מיידלאַכ׳ס הילף וועט איהם זיין גרינגער אַריבערצוברענגען זיין ווייב מיט די איבעריגע קינדער. און דער חשבון איז טאַקע געווען אַ ריכטיגער.

מיט אַ קורצער צייט שפּעטער האָט דער טאַטע מיט דער הילף פון פעטער לייבוש טאַקע געשיקט אַ שיפס־קאַרטע פאַר׳ן פעטער לאָזער־מאיר, אָבער צוליב פאַרשידענע סיבות האָט לאָזער־מאיר נישט געוואָלט פאָרן און אָנשטאָט אים, איז ראובע׳לע פלאַנצער, דעם פעטער חיים פלאַנצער׳ס זון, וועלכער איז שוין געווען אַ גוטער שניידער, אָפּגעפאָרען קיין ניו יאָרק אויף זיין שיפס־קאַרטע.

אין 1905 האָט דער טאַטע, מיט דער הילף פון פעטער לייבוש און ראובן פּלאַנצער, שוין געהאַט די מעגליכקייטען צו שיקן נאָך אונז. איך געדענק אַ פּאָר וואָכן פאַר ראש השנה אין חודש תשרי, תרס"ו, האָבען מיר זיך געזעגענט מיט די באָבע שבע, און מיין איבעריגע משפחה. איך בין אַוועק זיך געזעגענען מיט מיין חבר שלמה'לע און די ראַפּאַפּאָרט משפחה, זיך געוואונשען מיט זיי צו זעהן „לשנה הבא ב'אמעריקא", און מיר זיינען אָפּגעפאָרען דורך אַנטווערפּן, בעלגיע, אויף דער שיף „פּאַטערלאַנד" און צוזאַמען מיט נאָך אַ פּאָר טויזנט אימיגראַנטן, זיך אַוועקגעלאָזט איבער דעם ברייטן אַטלאַנטיק, צו אונזער נייער היים — אַמעריקע.

נאָך אַ רייזע אויפן ים פון 9 טעג, האָבען מיר ענדליך דערזעהן די באַרימטע סטאַטוע פון פרייהייט, אָדער ווי אימיגראַנטן האָבען עס דאַן גערופן „קאָלאָמבוס". אויף עליס איילאַנד, אויפ'ן אינזל וואו מיין נעמט אָפּ די אימיגראַנטן, האָט דער טאַטע, צוזאַמען מיט דעם פּע־טער לייבוש און ראובן פּלאַנצער אונז אָפּגעוואַרט; און אונז אָפּגע־פירט אויף אַ „האָרס־קאַר" אַ טראַמוויי געפירט פון פערד, אין אונ־זער נייער היים, לייבוש ראַפּאַפּאָרט'ס וואָהנונג, אין אַ הויף־הייזל אויף 21 קלינטאָן סטריט.

אָנגעקומען זיינען מיר אינדערפרי. דעם זעלבען אָוונט זיינען אונז געקומען מקבל פּנים זיין די גאַנצע מאָגעלניצער קאָלאָניע, וואָס האָבען זיך דאַן געפונען אין ניו יאָרק. איך געדענק צווישען די דאַמאָלסטיגע לאַנדסלייט, וועלכע זיינען אויך געווען פריש־אַריבער געקומענע האָט זיך געפונען יצחק פּינקעל, יעקב חתן (טשייסין) אָדער יאַנקעל פּשיסכער און זיין פרוי טאַבע וואָלפּציקס, לאַזער ביגעלמאַן (באַנק) און זיין ווייב יאַכעט, אַנשל און זיין ברודער נאָטע קאָהען, און יאָסעלע לעמבערגער, דעם קליינעם חיימ'לעס זוהן, ווי אויך עליע־מאיר לעוויץ און זיין ברודער דוד לייב. ווי אַזוי פיל מענשן קיין ע"ה האָבען זיך אַריינגעקוועטשט אין די צוויי קליינע צימערלאַך פון דער ראַפּאַפּאָרט וואָהנונג אויף קלינטאָן סטריט, און ווי אַזוי זיינע צוויי טעכטער וויטל און רחל האָבען אויפגענומען אַלע געסט מיט כבוד, איז איינע פון די געהיימניסען פון דעם דאַמאָלסדיקן אימיגראַנטען לעבן אין ניו יאָרק, אָבער כך היה, אַזוי איז עס געווען.

## אונזער ערשטע דירה אין אַמעריקע

גלייך צו מאָרגענס, האָט דער טאַטע געדונגען אַ דירה פון דריי צימערן אויף 218 עלדרידזש סטריט. פּונקט קעגענאיבער דעם הויז

האָט געוואוינט אַ מאַגנעליניצער לאַנדסמאַן חיים (יאָסקע׳ס) בערנשטיין. ער האָט געהאַלטן אַ גראָסערי, (שפּייז־קראָם) האָט מען שוין געהאַט וואו צו קויפן „אויפן ביכל״. אַזוי האָט מען דאַן אָנגעקויפט אַ גאַנצע וואָך, דער קרעמער האָט פאַרשריבן אין ביכל, און סוף וואָך, ווען דער מאַן האָט געבראַכט די „פּעי״ (שכירות) האָט מען באַצאָלט, און ווייטער געקויפט און פאַרשריבן.

דעם טאַטענ׳ס שכירות זיינען דאַן נישט געווען קיין צו איבריק גרויסע. ווען ער איז אַהער געקומען האָט ער געפּרוּווט פאַרשידענע אַרבייטן. זיין ערשטער „דזשאַב״ (שטעלע) איז געווען אין אַ גרויסער שמוקלעריי פאַבריק, ווי שניצער׳ס, עלטערער זוהן לואי (ישראל־לייב) האָט געאַרבעט צוזאַמען מיט זיין קאָזין זיינוועל שווייצער און זיינע קאָזינס משה און שלמה יואל דינערזאָן. דאָס איז אָבער נישט געווען קיין פאַך, האָט ער זיך צוגעלערנט שניידעריי, וואָס ער האָט נאָך אַביסל גע׳ירשנט פון זיידען הערשל, און ער איז געוואָרן אַן „אָפּרייטאָר״ (אַ מאַשין שטעפּער) און אָנגעהויבן צו אַרבייטן אין די דאַמאַלסטיגע באַרימטע „סוועט־שעפּער״ (שוויץ־פאַבריקן). איז ווי געזאָגט צופיל האָט ער נישט פאַרדינט, אָבער די מאַמע, וועלכע איז צו קיין גרויסע פאַרדינסטען קיינמאָל נישט געווען צוגעוואוינט, האָט שוין אַזוי געפירט דאָס באַלבאַטישקייט, אַז עס איז געווען גענוג.

## פון מאָרדקאָוויטש ווערט מאַרקאָוויטש

ווען דער טאַטע האָט מיך מיט דער שוועסטער און ברודער געפירט אין „פּאָבליק־סקול״ (פאָלקס־שול) האָט ער אונז געזאָגט, אַז מיר הייסען נישט מער מאָרדקאָוויטש, ווי אין מאַגנעליניצע, נאָר מאַרקאָוויטש. ער האָט זיך געביטן דעם נאָמען, ווייל אין דעם געגענט פון עלדרידזש סטריט האָבען געוואוינט אַ סך רומענישע און אונגאַרישע אידען מיט דעם נאָמען מאַרקאָוויטש, ביים טאַטען האָט דאָס געקלונגען מער אַמעריקאַניש, ווי מאָרדקאָוויטש, און דערפאַר דער אויסבייט. ער האָט אונזערע ערשטע אידישע נעמען אויך פאַר אַמעריקאַניזירט. איך בין געוואָרן אויס ישראל־לייב, און געוואָרען „לואי״ ווייל אַזוי האָט זיך גערופען לואי (ישראל־לייב) שניצער. מיין שוועסטער מאַשע איז געוואָרען „מאַלי״ מיינע ברידער אברהם און משה, זיינען געוואָרען „אייב און מאָריס״ — און אין אַ זעקס וואָכן צייט, האָבען מיר שוין געוואוסט „שאַראַפּ״, „גערעדע היר״ דעם חילוק צווישען „טשיקען״ און „קיטשען״ און מיר זיינען געוואָרען פאָלנע אַמעריקאַנצעס.

## די ראַפּאַפּאָרט משפּחה קומט קיין אַמעריקע.

אין 1906 האָט לייבוש ראַפּאַפּאָרט מיט דער הילף פון די פּאַרדינסטען פון זיינע טעכטער וויטל און רחל, אויך אַריבערגעבראַכט זיין פרוי ריווע, מיט זיין זוהן שלמה'לע און די אַנדערע פינף טעכטער. איך און מיין משפּחה זיינען שוין געווען „געלע", און מיר זיינען גע־קומען מקבל פּנים זיין די „גרינע". די צוויי צימערן זיינען געווען אַביסל צו ענג, און לייבוש האָט זיך אַריבערגעצויגען אין פיר צימערן, קעגנאיבער זיין הויז, אויף 14 קלינטאָן סטריט. די גאַנצע ניו יאָרקער מאָגעלניצער קאָלאָניע איז געקומען אויפנעמען די נייע גרינע, די ראַפּאַפּאָרט'ס. ווי איך האָב פריער דערציילט, זיינען שוין אין אַמערי־קע געווען אַנדערע מאָגעלניצער לאַנדסלייט אַ חוץ די שניצערס, די ראַפּאַפּאָרט'ס און מאַרקאָוויטש'עס, אָבער די נייע אָנגעקומענע אי־מיגראַנטען זיינען זיי געווען פרעמד. דערפאַר האָט יעדער נייער מאָגעלניצער, אַזוי ווי ער איז אַראָפּגעקומען פון דער שיף געהאַט די נעמען און אַדרעסן פון דריי מאָגעלניצער אין ניו יאָרק — מרדכי שניצער, לואי ראַפּאַפּאָרט און יצחק מאַרקאָוויטש. און זיי האָבען זיך נישט געגאַרט. ביי די שניצער'ס אין הויז פלעג איך שטענדיג טרעפן לאַנדסלייט. די מרס. שניצער (רבקה) האָט יעדען אויפגענומען ווי אַן אייגענעם. זי פלעגט מיר דאָ אויך יעדעס מאָל געבען אַ שטיק פלאָדען, אָבער דאָ האָט עס שוין געהייסען ,,עפּל פּאַי", דער באַרימ־טער אַמעריקאַנער עפּל קוכען. די שניצער קינדער האָבען פון אינגער־הייט אָן אַרויסגעוויזן אַ נייגונג צום טעאַטער. זיי האָבען אַלע געהאַט גוטע שטימען צום זינגען, מען האָט שטענדיג רעפּערטירט און גע־שפּילט און די לאַנדסלייט האָבען מיטגעהאָלפען און עס איז געווען פרייליך.

ביי די ראַפּאַפּאָרטס פלעגט די אַטראַקציע זיין די שיינע יונגע טעכטער, און אויך דאָרט האָט מען פאַרבראַכט ביי אַ גלאָז טיי מיט פאַרבייסען. ריווע און לייביש האָבען יעדען אויפגענומען ביד רחבה,

(מיט אַ ברייטער האַנט). עס זיינען אָנגעקומען נייע גרינע. דאָס מאָל געדענק איך ישראל גאָלדבערג (דער שטאָלענער קאָפּ), דזשעק ראָ־זענטאל (דער ווייסער יאַנקעל), חיים גרינבערג, זיין ברודער שמואל און זייער שוועסטער הינדע, יאַכעט׳ס קינדער פון איר ערשטען מאַן משה איה, מיין טאַטענ׳ס משפחה. טאָבע וואָלפּציק׳ס האָט אַריבער־געבראַכט אירע צוויי שוועסטער חוה׳לע און לאה׳לע און איר מאַן יאַנקעל פּשיסכער האָט געשיקט נאָך זיין ברודער אַברהם חתן. יצחק פינקעל (אנשל פישל עליע׳ס זוהן) האָט אויך געבראַכט זיין פרוי, חוה פינקעל. און אַזוי האָבען די מאָגעלניצער אין ניו יאָרק אָנגע־הויבען צו ווערען אַלץ מערער און מערער.

עס איז געווען אין די צייטען פון פרייע אימיגראַציע, מ׳האָט נישט באַדאַרפט קיינע וויזעס, קיין געלט. יעדען טאָג זיינען אַריינ־געקומען נייע שיפען מיט טויזענטער אידישע אימיגראַנטען. די מערסטע האָבען זיך טאַקע אָפּגעשטעלט אין ניו יאָרק, נאָר זעהר א סך האָבען זיך צעשפּרייט איבער די גרעסטע שטעט פון דעם לאַנד. פון צייט צו צייט זיינען אויך אָנגעקומען נייע מאָגעלניצער. איינינגע, וועלכע איך געדענק זיינען געווען „כשר יאַנקעלע״ הירש, מיט זיינע ברידער יאָסעל, אייזיק און נתן, אַלע פיר זיהן פון אונזער באַקאַנטען מאָגעלניצער קברון און מצבה־קריצער, וואָלף־בער שמש. עס איז אויך געקומען ישראל־לאָזער בייגער (גוטמאַן) וועמען איך האָב געקענט פון דערהיים דורך זיין זוהן איטשע, וועלכער איז געווען מיין חדר־חבר. דער ישראל־לאָזער איז שוין געווען איינינגע מאָל אין אַמעריקע, ער פלעגט זיך אָבער קיינמאָל נישט אָבשטעלען אין ניו יאָרק, נאָר גלייך אַוועקגעפאָרען קיין מילוואָקי, וויסקאַנסין, און דאָרט אַרבייטען ביי זיין פאַך אין אַ לעדער פאַבריק. ער האָט געאַרבייט אַ פּאָר חדשים אָדער אַ יאָר, פלעגט אָנזאַמלען אַביסל דאָלאַרען און אַהיים געפאָרען צוריק קיין מאָגעלניצע עס איינקאַסירען אויף רובעלס, און דאָרט געלעבט ביז — עס האָט זיך איהם ווייטער פאַרבענקט זיך אַריבערצוכאַפּען קיין מילוואָקי.

ווען זיינע קינדער, איטשע, דינה, יאָסעל, בנימין און יאַנקעל, האָבען זיך שוין באַזעצט אין ניו יאָרק, האָט ער אַריבערגעבראַכט זיין פרוי און זיך באַזעצט פאַר אַ צייט אין ברוקלין. ער האָט זיך אָבער דאָ נישט געקאָנט איינלעבן און געבעטן די קינדער זיי זאָלען איהם לאָזען צוריק אַהיים פאָרען. ער מיט זיין פרוי זיינען טאַקע צוריק אַהיים געפאָרען, נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, און אויסגעלעבט זייערע יאָרען אין מאָגעלניצע.

## דער טאַטע העלפט גרינדען אַן אַרבעטער־רינג ברענטש.

אין יאָר 1906 האָט דער אַרבעטער רינג, דער דאַמאָלסדיג יונ־גער אידישער אַרבעטער אָרדען, אָנגעהויבען אַן אינטענסיווע קאַמ־פּאַניע צו פאַרגרעסערן זיינע מיטגלידערשאַפט צווישען די נייע־אָרי־בערגעקומענע אימיגראַנטען. ביז דאַן זיינען די גרעסטע אידיש פּראָ־טערנאַלע אָרדענס געווען דער „ברית אברהם", אָדער „ברית שלום" און אַנדערע אָרדענס מיט ספּעציפיש אידיש אָדער העברעאישע נעמען. איינער פון טאַטענ'ס פריינד, מיט וועלכען ער האָט זיך געקאָנט נאָך פון דערהיים איז געווען וואָלף קראָנענבערג, אַ געבוירענער פון גריצע, די פּאָוויאַט שטאָט פון מאָגעלניצע. דער קראָנענבערג האָט צוזאַמענגערופען די גריצער לאַנדסלייט פון ניו יאָרק, דער טאַטע האָט געבראַכט די מאָגעלניצער און אַ פאַרטרעטער פון הויפּט אָפיס פון אַרבעטער רינג, איך געדענק נאָך זיין נאָמען, אב. עפּשטיין, האָט געהאַלטען אַ דערקלערונגס־רעדע אין וועלכע ער האָט אָנגעוויזען, אַז די אימיגראַנטען אַרבעטער דאַרפן זיך ניט בלויז צופרידענשטעלן מיט עסען אַ „סטעיק" (ביפשטיק) און טרינקען אַ „פּאַינט" (קענדל) ביר, נאָר אויך העלפען איינפירען אַ בעסערע סאָציאַלע און גע־רעכטע וועלט, און זיך אָנשליסען אין דעם גרויסען סאָציאַליסטישען אָרדען, דער אַרבעטער רינג.

עס האָבען זיך גלייך אָנגעשלאָסען אַ 30 אָדער 40 מיטגלידער און מען האָט דעם ברענטש אַ נאָמען געגעבען דער „גריצער ברענטש 34 אַרבעטער רינג", ווייל די גריצער לאַנדסלייט האָבען געהאַט אַ גרויסע מערהייט. די מיטגלידער האָבען אָבער אַלע געמוזט דורכמאַכען אַ פיזישע אונטערזוכונג ביי אַ דאָקטאָר איידער דער גענעראַל אָפיס האָט אַרויסגעגעבען אַ „טשאַרטער" (גוטהייסונג שאַין). דער דאָק־טאָר וואָס האָט אונטערזוכט די קאַנדידאַטען, האָט גוט געהייסען אַלע־

מען אַ חוץ איין מענשען, וועלכן ער האָט אָבגעלייגט אויף 6 חדשים. מיר זיינען געווען איבערראַשט אויסצוגעפונען, אַז דער איינער איז געווען — דער טאַטע.

דער דאָקטאָר האָט דערקלערט, אַז עס איז נישטאָ קיין געפאַר, עס איז איהם נישט געפעלן דעם טאַטענ'ס האַרץ, און ער האָט געוואָלט וואַרטען 6 חדשים ביז ער וועט איהם גוט הייסען. דער דאָמאָלסטיגער גענעראַל סעקרעטער פון ארבעטער רינג, דער טרויעריג באַרימטער וויינטרויב, האָט אָבער נישט געוואָלט אינסטאַלירען (אַריינגעמען) דעם נייעם ברענטש אָהן מאַרקאָוויטשען. ער האָט גלייך טעלעפאָנירט דעם הויפּט האַרץ־ספּעציאַליסט פון ארבעטער רינג, ער זאָל זעהן, וואָס עס איז מיט מאַרקאָוויטש'ס האַרץ. דער ספּעציאַליסט האָט איהם גלייך גוט געהייסען, און דער ברענטש 34 איז אויך גוט געהייסען געוואָרען.

צווישען די גרינדערס געדענק איך פון די גריצער, וואָלף קראָנענבערג, די פיר גאָלדבערג ברידער, יענקעל אברהם, משה, שיע, משה ביטער. פון די מאָגעלניצער אַ חוץ דעם טאַטען זיינען געווען יאָסעל לעמבערגער, זיין שוואָגער דזשייק שניידער, ראובן פּלאַנצער און אַנדערע. גלייך ביים אָנהויב איז קראָנענבערג דערוויילט געוואָרען אַלס טשערמאַן און דער טאַטע איז געוואָרען סעקרעטאַר. ביים נעקסטען קאָנווענשאָן אין 1907 אין פילאַדעלפיאַ, איז טראָצדעם וואָס די מערהייט מיטגלידער פון ברענטש זיינען באַשטאַנען פון גריצער לאַנדסלייט, האָט מען דעם ערשטען דעלעגאַט צום קאָנווענשאָן אויסגעקליבען אַ מאָגעלניצער — יצחק מאַרקאָוויטש. אין דערהיים, ווען ער האָט עס אונז דערציילט, האָט די מאַמע איהם פאַרגעוואָרפען פאַר וואָס קלייבט מען נאָר איהם. אין שאַפּ, מוז ער זיין דער טשערמאַן (פאָרזיצער), אין ברענטש, מיז ער זיין אַ סעקרעטאַר און אַ דעלעגאַט, זי דערמאָנט איהם אפילו, אַז אין מאָגעלניצע, ווען עס האָט אויסגעבראָכען די כאָליעריע (דאָס געדענק איך שוין נישט), אַז אפילו דאַן, האָט מען איהם אויסגעקליבען אַלס ברויט־פאַרוואַלטער אין דער צייט, ווען דאָס גאַנצע שטעטל האָט זיך געמוזט איבערציען אין וואַלד אַריין און וואוינען אין בודעס.

דעם טאַטענ'ס ענטפער איז געווען, אַז ער קען זיך קיינמאָל נישט אָבזאָגען פון טוען קהל'שע אַרבעט, אָדער אַרויסהעלפען זיינע פריינט אָדער זיין חברה.

דער גריצער ברענטש 34 עקזיסטירט, אגב, נאָך עד היום, אָבער

זעהר וויניציק גריצער אָדער מאָגעלניצער באַלאַנגען דאָרט איצט. נאָך צוויי גריצער לאַנדסלייט געדענק איך, ווען זיי זיינען נאָר־וואָס אָנגעקומען קיין אַמעריקע. דאָס איז שיע העלער און אברהם באָ־רענשטיין. מיר האָבען דאַן געהאַט דעם רעסטאָראַנט אויף מעדיסאָן סטריט. שיע העלער איז געווען אַ ציטעריגער, אַ גרינער, אָהן שום פּאָך אין האַנט. ער האָט זיך אַזוי געשראָקען פאַר דעם דאַמאָלסטיג טומעלדיגען הו־האַ פון ניו יאָרק. „וואָס זאָל איך דאָ טאָן ? האָט ער זיך געפרעגט. זאָרגט זיך נישט — האָט אים די מאַמע געטרייסט. איר וועט נאָך זיין גוט אָפּ אין אַמעריקע, איר וועט זעהן".

ביידע, שיע העלער און אברהם בערנשטיין, זיינען שפּעטער געוואָרען רייכע און דערפאָלגרייכע זייד־פאַבריקאַנטען אין פּעטער־סאָן ניו דזשוירזי.

אַ זעהר וויכטיגער און אַקטיווער טוער אין דער גריצער סאָ־סייעטע איז יודל פאַסטערנאַק. יודל, אַזוי גוט ווי זיין ווייב חיה, שטאַמען פון לויוויטש, פון דער מאַמעס משפּחה. יודל און זיינע ברידער, דניאל (ע"ה) און משה, זיינען דוכט זיך געווען די איינציגע קאַזינס אין אַמעריקא פון דער מאַמען און פון פעטער לייביש.



## דער רעוואָלוציאָנער אין דער משפּחה.

מיר הויבן אָן צו קריגן בריף פון לאָדזש. די מוהמע ברײַנדל׳ס עלטסטע טאָכטער לאה, שרייבט אונז, אַז איהר מאַן אַברהמטשע, איז אַרעסטירט אַלס אַ פּאָליטישער. אַברהמטשע וועמענ׳ס פאַמיליען־נאָמען איז פלײשער, דעם גראָבען ישראל־לייב׳ס עלטסטער זוהן, איז געוועזן אַ בעקער ביים פאַך, און איז געוואָרען אַקטיוו אין די ערשטע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין 1905. טראָצדעם, וואָס ער איז שוין געוועזן אַ טאַטע פון 4 קינדער און אַ שווערער באַלמעלאָכע, האָט ער דאָך געפונען גענוג צייט צו זיין פאָרזיצער פון דעם לאָדזשער בעקער פאַראיין. די באַלעבאַטים האָבען איהם פאַר׳מסר׳ט פאַר דער פּאָליציי און מען האָט איהם אַרעסטירט, צוזאַמען מיט דעם סעקרעטאַר, און זיי פאַרהאַלטען אַלס קרימינעל־פּאָליטישע פאַרברעכער. ווען מען האָט אַרעסטירט דעם סעקרעטאַר, האָט מען באַשטימט אַלס „פּאָמאָטשניק סעקרעטאַר" אַ יונגן בחור׳ל „דודל ליטוואַק", וועמענ׳ס פאָטער האָט אויך געהאַט אַ בעקריי אין לאָדזש. דער יונגער הודל, האָט אָבער אַרויסגערופען די אַרבעטער פון זיין טאַטענ׳ס בעקריי אין שטרייק, און אַזוי אַרום אין זיינע גאָר יונגע יאָרן געוואָרען אַקטיוו אין די לאָדזשער בעקער יוניאָנס אַלס פּאָמאָטשניק סעקרעטאַר. דער דודל, איז איצט דער באַוואוסטער דוד דובינסקי, פּרעזידענט פון דער אינטערנעשאָנאַל לײדיס גאַרמענט וואָיקערס, איינער פון די גרעסטע אַרבעטער אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע. נאָך צוויי אַקטיווע מיטגלידער פון דער לאָדזשער בעקער באַוועגונג פון יענע יאָרן, זיינען געוועזן לייזער ראַבינאָוויץ, אַן אַנערקענטער בעקריי אייגענטימער פון ניו יאָרק, און שכנא דוד אָרנשטיין, איינער פון די אָנגעזעהנסטע בעקער באַלעבאַטים פון מילוואָקי, וויסקאַנסין. ביידע זיינען געוועזן יוגנט חברים פון אַברהמטשע פלײשער.

ווען דער טאַטע האָט באַקומען נאָך אַ בריף, אַז מען גייט דעם אַברהמטשען פאַרשיקן קיין סיביר, האָט ער גלייך געהאַט אַ געשפּרעך

מיט ראובן פלאַנצער, און ניסל פריד, וועלכער איז אויך געווען אַ קאַזין פון די פליישערס. און מען האָט תיכף אַרויסגעשיקט צוויי שיפס־קאַרטן. איינע פאַר אברהמטשען און די צווייטע פאַר זיין ברו־דער, יאָסל, אויך אַ בעקער ביים פאַך.



THE FLEISHER FAMILY IN 1910 די פאַמיליע פליישער אין
(First row, left to right): Anna, Sadie, Abraham and Morris.
(Second row): Leah, Mollie and Mollie Rosenberg.

יאָסל איז גלייך געקומען, נאָר אַברהמטשע איז שוין געווען פאַרשיקט אין אַ גרויסער רוסישער שטאָט ניט ווייט פון סיביר. מען האָט איהם געמוזט שיקען נאָך געלד, ער זאָל זיך קאָנען „אויסקויפן" און אין יאָר 1908. איז דער ערשטער רעוואָלוציאָנער פון דער משפחה, אָנגעקומען קיין ניו יאָרק. ער האָט אונז געבראַכט גערוסן פון זיין

ווייב לאה מיט די קינדער, פון וועלכע איך האָב בלויז געדענקט דאָס עלטסטע מיידעלע, מאַליע׳לע.

אברהמטשע הויבט גלייך אָן צו ארבייטען. ער איז געווען א גוטער בעקער פון דערהיים. מיר האָבען דאן געהאַט א פריוואַטען רעסטאָראַן אויף מעדיסאָן סטריט. אברהמטשע האָט נאַטירליך געוואוינט ביי אונז אין הויז. אין דערזעלבער צייט האָט ביי אונז געוואוינט יצחק (בורעק) דימאַנט, יואל־קאָוואל׳ס ברודער. יצחק איז געווען א פּרעסער, און געאַרבייט בייטאָג, אברהמטשע דער בעקער האָט געאַרבייט ביינאַכט איז דאָסזעלבע אויפשטעל־בעטל גענוצט געוואָרען פוןביידע „באָרדערס" (קוואַרטיראַנטען). נאָך א קורצע צייט האָט זיך אברהמטשע איבערגעצויגען קיין פּעטערסאָן ניו דזשוירזי, וואו ער איז געוואָרען פּאַרמאַן אין דער קאָאָפּעראַטיווער בעקעריי, אין וועלכער ער האָט געאַרבייט א לאַנגע צייט.

**דער טאַטע ווערט אַקטיוו אין דער נייער אַמאַלגאַמייטעד יוניאָן.**

אין דעם אידישן שניידער פאַך הויבט מען אָן צו ריידן וועגן א נייער גרופּירונג פון יוניאָן־פירער, וואָס זיינען נישט צופרידען מיט דער פירונג פון דער דאַמאָלסטיג עקזיסטירענדער שניידער יוניאָן די „יונייטעד גאַרמענט וואָרקערס". די נייע גרופּע מיט דעם באַקאַנטן פירער פון דער סאָציאַליסטישער ארבעטער פּאַרטיי, יוסף שלאָסבערג בראש, הויבן אָן אויפצוקלערן די שניידער, אז זייער מצב אונטער די „יונייטעד גאַרמענט וואָרקערס" איז נישט פאַרבעסערט. דער „סוועט־שאָפּ" סיסטעם איז נאָך אַלץ געווען אין פולען שוואונג. זיינע רייד האָבען געפונען א טיפען אָבקלונג אין די הערצער פון די אינגערע שניידער. די מערסטע פון זיי זיינען געווען אָנגעזאָפּט מיט די סאָציאַליסטיש־בונדיסטישע אידעען פון זייער אַלטער היים, און עס איז געלייגט געוואָרען דער פונדאַמענט פאַר דער גרויסער אידישע שניידער אָרגאַניזאַציע די „אַמאַלגאַמייטעד קלאָדינג וואָרקערס".

נאַטירלאך, איז אָנגעגאַנגען א קאַמף אין דער אינדוסטרי. די גאַרמענט וואָרקערס, וועלכע האָבען געהאַט די שטיצע פון סעמועל גאָמפּערס און זיין שטאַרקע אַמעריקאַן פעדערײשאָן אָוו לייבאָר, האָט געהאַט אירע אָנהענגער, מערסטענס די עטלעכע ארבעטער, וועלכע האָבען זיך געשראָקן פאַר די יונגע סאָציאַליסטן. די אינגערע, האָבען ווייטער געהאַלטען מיט שלאָסבערגן און זיין גרופּע.

דער טאַטע װערט אַרױסגערופֿען אין שטרײַק, מיט אַלע אַרבעטער פֿון זײַן שאַפּ. עס װערען אױך אַרױסגערופֿען אַלע אַנדערע סװעט שעפּער פֿון דער געבײַדע װאו ער האָט געאַרבעט. דער גענעראַל אָפֿיס פֿון יוניאָן האָט באַשטימט דעם טאַטן אַלס טשערמאַן פֿון דעם געגענד פֿון קלינטאָן סטריט ביז מענדזשין סטריט. די הױפּט־קװאַרטיר פֿון שטרײַק איז פֿאָרגעקומען אין אַ האָל (זאַל) אױף קאָלומביאַ סט. איך בין אײנמאָל מיטגעגאַנגען אין דער האָל אַרײַן. די שטרײַקער זײַנען געזעסען אַרום די װענט און אין גרופּקעלאַך, געשמועסט צװישען זיך. אַזױ װי מיר זײַנען אַרײַנגעקומען, האָט אַן עלטערער אַרבײַטער געזאָגט צו זײַנע חברים „אַהאַ, דער גענעראַל גײט", דאָס האָט מיך געמאַכט פֿילען שטאָלץ מיט'ן טאַטן. עפּעס אַ קלײניקײט, מײַן טאַטע אַ גענעראַל! אײ ער האָט שױן צװײ װאָכען נישט געבראַכט קײן „פּעידע" (שכירות) און די מאַמע האָט זיך געזאָרגט, אָבער דאָ אין זאַל האָט איהם די נײַע יוניאָן באַשטימט פֿאַר אַ פֿירער. דער טאַטע האָט געעפֿענט די פֿאַרזאַמלונג, געגעבען אַ באַריכט, װעגען דעם אָנגאַנג פֿון שטרײַק; און באַשטימט „שטאַרקע קאָמיטעס" צו גײן אַראָפּנעמען שעפּער, װעלכע האָבען זיך נאָך נישט געהאַט אָנגעשלאָסען אין דעם קאַמף צו פֿאַרבעסערען די לאַגע פֿון די אידישע שנײַדער פֿון ניו יאָרק.

אין די קאָמיטעס האָט מען געװענליך אױסגעקליבן די געזונטערע די אינגערע שנײַדער, װײַל מען האָט אָפֿטמאָל געהאַט צו קעמפֿן מיט געדונגענע שלעגער, װאָס די באַלעבאַטים פֿלעגן אָנשטעלן צו שלאָגען די שטרײַקערס. זעהר אַקטיװ אין יענעם קאַמף זײַנען געװען כמעט אַלע אונזערע מאַגעלניצער, שנײַדער װאָס האָבען געאַרבעט בײַ מענער אַרבעט. איך געדענק װי לאָזער נירענבערג, יצחק דימאַנט און איבערהױפּט אהרן סיגעל, זײַנען אָפֿטמאָל אַהײם געקומען צעשלאָגענע פֿון די געדונגענע באַיאַנעס. אײנמאָל געדענק איך, װי אהרן סיגעל װעלכער איז נאָך דאַן געװען אַ געזונטער יונגערמאַן איז אַרױפֿגעקומען צו אונז אין שטוב אַרײַן אַ צעבלוטיגטער, אַ פֿאַרבאַנדאַזשירטער, און די מאַמע האָט איהם געהאָלפֿען אַרומװאַשען, איהם געגעבען עפּעס צו עסען. דער טאַטע פֿרעגט איהם װער עס האָט איהם אַזױ צושלאָגן? האָט ער געענטפֿערט, אַז דער װאָס האָט איהם צעשלאָגען װעט שױן מער נישט הױבען קײן הענט אױף שטרײַקערס, װײַל מען האָט איהם געמוזט אָפּפֿירען אין שפּיטאָל.

## מען טראַכט וועגען גרינדען אַ סאָסייעטע.



אייזיק הירש

דער ערשטער מאָגעלניצער לאַנדסמאַן פון די נייַ־אַריבערגעקומענע צו שטארבען אין אמעריקע איז געוועזן אייזיק הירש, איינער פון וואָלף־בער שמש"ס זיהן. דאָס איז געוועזן דער ערשטער טויטען־פאַל אין אונזער יונגער קאָלאָניע. נישט אייזיק הירש און נישט זיינע ברידער זיינען געוועזן פארמעגליך גענוג איהם צו קויפען אַ קרקע אויף איינע פון די אַנערקענטע אידישע בית־עלמונס אין ניו יאָרק. האָט מען געמוזט אָנקומען צו דער חברה חסד של אמת און זיי האָבען איהם מקבר געווען אויף זייער בית־עולם אין ריטשמאָנד סטעטען איילאנד, א פאַרשטעטעל פון ניו יאָרק.



יאַנקל הירש



נתן הירש



יאָסל הירש

די לאַנדסלייט, וואָס זיינען מיטגעפאָרען צו דער לויה, האָבען זיך געפילט דערשלאָגען פון דעם פאַל, און מען האָט אָנגעהויבען טראַכטען פון גרינדען אַ סאָסייעטע, אַן אָרגאַניזאַציע פון מאָגעלניצער לאַנדסלייט, כדי אין נאָך אַזאַ אומגליקספאַל זאָל מען נישט דאַרפען אָנקומען צו אַ צדקה־געזעלשאַפט. מען האָט גערעדט און געטראַכט, אָבער דאָס לעבען איז ווייטער אָנגעגאַנגען און מען האָט דערווייל וועגן דעם ענין גאָרנישט געטאָן.

יאָ, דאָס לעבען איז אָנגעגאַנגען און נייע מאָגעלניצער זיינען ווייטער געקומען. געדענק איך אין אַ שיינעם נאָכמיטאָג איז צו אונז אין הויז אָנגעקומען אַ גאַנצע גרופּע גרינע. מיר האָבען דאַן געוואוינט אין 26 ברום סטריט. די טיר עפנט זיך און עס קומט אַריין אַ פאַר־טרעטער פון די „היברו אימיגראַנטען סאָסייעטע" (האַיאַס) און פירט

ארײַן גאַנצע זעקס גרינע. זײ זײַנען באַשטאַנען פֿון נטע װײנטער (יאַמסקע'ס זוהן), שמעון באַרײנסקי, דער דערמאָנטער ישראל־לאָזער גוטמאַן, זײַן שװעסטער זוהן איסר גוטמאַן, לאָזער נירענבערג (דער גרױסער לאָזער) און יענקל (ניט) גלײמער. איך האָב זײ אַלע גע־קענט פֿון מאָגעלניצע. דער לעצטער יענקל גלײמער, דער איצטיגער דזשעק קלײן, איז געװען אַ ברודער פֿון נאָך אַ חדר־חבר מײַנעם, אברהם־יוסף, װי מיר פֿלעגען איהם רופֿן—אברהם־יוסף, שיע אברהם־יוסף'ס. דאָס זעלבע יאָר האָט ישראל גאָלדבערג (דער שטאָלענער) אױך אַריבערגעבראַכט זײַן שװעסטער שרה (סוקל), זי איז טאַקע געװען פֿאַרהײראַט צו לאָזער נירענבערג. עס איז דאַן אױך געקומען ניסל בעקער, גאָלדע משה־מאיר'ס זוהן און זײַן ברודער יענקל. זײער עלטערער ברודער אברהמ'טשע איז שױן געװען אין אַמעריקע, און ער האָט זיך באַזעצט אין פּעטערסאָן, ניו דזשורזי. ער האָט יאָרענ־לאַנג פֿאַרזאָרגט די פּעטערסאָנער אידן מיט די אידישע צײַטונגען פֿון ניו יאָרק. שפּעטער איז אױך אַריבערגעקומען זײער ברודער זלמן און זײַער קאַזין מאָטעל יוקל'ס. זײער פֿאַמיליען־נאָמען פֿון דערהײם איז געװען פֿרײדענרײך. דאָ האָט מען אָבער מקצר געװען דעם פֿרײ־דענרײך אױף פֿריד.

## די גרינדונג פֿון דער מאָגעלניצער סאָסײעטע.

דעם 10טן פֿעברואַר 1910 איז אין אַ קלײנעם פֿאַרזאַמלונגס לאָקאַל אױף 180 סטענטאָן סטריט ניו יאָרק, אָבגעהאַלטען געװאָרען די ערשטע פֿאַרזאַמלונג פֿון דער מאָגעלניצער לאַנדסמאַנשאַפֿט סאָ־סײעטע.

לױט די גאָר ערשטע פּראָטאָקאָל ביכער זײַנען די אָנװעזענדע בײ דער גרינדונגס פֿאַרזאַמלונג געװען די פֿאָלגענדע מיטגלידער: — (מיר גיבען זײערע נעמען װי אױך זײערע אַדרעסן פֿון יענער צײַט).

יצחק מאַרקאָװיטש — 492 קריסטאָפֿער עװ. בראָנזװיל.
מאַקס שניצער — 113 ריװינגטאָן סטריט ניו יאָרק.
לואי שניצער — 157 איסט 5טע סטריט נ. י.
לואי ראַפּאַפּאָרט — 14 קלינטאָן סטריט נ. י.
יצחק פֿינקעל — 178־180 צװײטע סטריט נ. י.
מטות פֿינקעל — 178־180 צװײטע סטריט נ. י.
יוסף הױרש — 199 באָרום סטריט ברוקלין נ. י.
דזשײק ראָזענטאַל — 155 ריװינגטאָן (בײ מאַנדעל).
דזשײק קלײן — 340 איסט האוסטאָן סטריט נ. י.
לאָזער נירענבערג — 106 עסעקס סטריט נ. י.

ישראל גאָלדבערג — 106 עסעקס סטריט נ. י.
יצחק דיימאָנט — 14 קלינטאָן סטריט נ. י.
אברהם דיימאָנט — 14 קלינטאָן סטריט נ. י.
נטע ווינטער — 178־180 2טע סטריט ברוקלין נ. י.
דזשייק הוירש — 83 מאָנטגאָמערי סטריט נ. י.
נתן קליין — 197 בארום סטריט ברוקלין נ. י.
נחום שווארץ — 340 איסט האוסטאָן סטריט נ. י.
שמעון באריינסקי — 155 ריווינגטאָן (ביי מאנדעל)
אברהם חתן — 14 קלינטאָן סטריט נ. י.
אברהם מאנדעל — 14 קלינטאָן סטריט נ. י.
חיים באָרענשטיין — 694 דזשאָרדזשיא עוו. ברוקלין נ. י.
נתן הוירש — 199 באורום סטריט ברוקלין נ. י.
אברהם בערלינסקי — 385 איסט 3טע סטריט נ. י.
ראובן פלאנצער — 327 איסט 3טע סטריט (ביי לעווי).
יעקב חתן — 21 קלינטאָן סטריט נ. י.
דזשייק בערקאָוויטש — 14 קלינטאָן סטריט (ביי דיימאָנט).
דוד טאָרעק — 84 קלינטאָן סטריט נ. י.
אברהמ׳טשע פליישער — 49 דזשעקסאָן סט. פּעטערסאָן נ. דזש.
זלמן פריד — 223 סלייטער סטריט פּעטערסאָן נ. דזש.
אברהמ׳טשע פריד — 223 סלייטער סטריט פּעטערסאָן נ. דזש.
יאָסל פליישער — 223 סלייטער סטריט פּעטערסאָן נ. דזש.
איטשע גודמאָן (אברהם גראַבאָרזש) 199 באָרום סטריט ברוקלין.
יאָסל לעמבערגער — 492 קריסטאָפער סטריט ברוקלין.
מאָטל האָפמאָן — 219 איסט 85טע סטריט נ. י.
בן־ציון חיימאָוויטש — 93 לואיס סטריט נ. י.
דזשייק ראָשע — 327 איסט 3טע סטריט נ. י.

די פּראָטאָקאָל־ביכער גיבען נישט אָן צי אָט די אַלע 36 מיט־גלידער זיינען אָנוועזענד געווען ביי דער סאַמע ערשטע פאַרזאַמלונג נאָר די נעמען און אַדרעסן האָבען מיר געפונען אין דעם ערשטן פּראָטאָקאָל־בוך. די סעקרעטאַרען אונזערע פון יענער צייט זיינען נישט געווען אַזוי דערפאַרען אין פּאַרלאַמענטאַרישע דינים, ווי זייערע נאָכפאָלגער און נישט אַלץ האָבען זיי געהאַלטען פאַר גענוג וויכטיג צו פאַרשרייבען. מיר דרוקען אָפּ אַ פאָטאָגראַפישע רעפּראָ־דוקציע פון דעם ערשטען פאַרצייכענטען פּראָטאָקאָל, פון 22טן מערץ 1910. די האַנדשריפט איז פון דעם באַגאַבטען לאַנדסמאַן, יצחק פינקעל, וועלכער איז צוליב זיינע שרייב־פעהיגקייטען באַשטימט געוואָרען אַלס ערשטער סעקרעטאַר. פינקעל האָט געשריבען אַ שיינעם

אידיש. ער איז אין מאָגעלניצע, באַלד נאָך זיין אהיים קומען פון מיליטער־דינסט, געווען אַ לערער אין רוסיש. עס איז נישט קלאָר פאַרוואָס אין דעם בוך געפינען זיך נישט די פּראָטאָקאָלען פון די ערשטע דריי פאַרזאַמלונגען. עס קען זיין, אַז זיי זיינען פאַרלוירען געגאַנגען, אָבער יש אומרים, מאַנכע פון די עלטערע לאַנדסלייט זאָגען, אַז אַזוי ווי פינקעל האָט געהאַט אַ גוטען זכרון, און היות ער איז געווען אַ פאַרנומענער מענש, ער איז געווען אַן אייגענטימער פון אַ גרויס פעדערן־געשעפט, פלעגט ער לייענען די פּראָטאָקאָלען פון ליידיגע בלעטלאַך, האָט מען דורכאויס באַשלאָסען, אַז ער מוז פאַרשרייבען אַלצדינג אין בוך. דערפאַר זעהט מען, אַז אפילו דער פאַרשריבענער באַריכט באַשטייט אינגאַנצען פון זיבען שורות, כאָטש געלייענט, האָט דער סעקרעטאַר גענוג פאַר דריי זייטען.

אַ פּראָטאָקאָל פון 1910 געשריבען אין יצחק פינקעל'ס האַנטשריפט

Minutes of a meeting in Yitzchok Finkel's handwriting —

**מען פאַרפאַסט אַ קאָנסטיטוציע פאַר דער נייער סאָסייעטע**

די קאָנסטיטוציע פון דער מאָגעלניצער סאָבייעטי הויבט זיך אָן מיט דעם פאָלגענדיגן פונקט:

דער פאַראיין זאָל טראָגען דעם נאָמען:

## אינדעפּענדענט מאָגעלניצער בענעוואָלענט אַסאָסיאיישאָן

דער צוועק פון פאַראיין זאָל זיין: אונטערשטיצונג אין נויט, קראַנקען בענעפיט, באַערדיגונג און שבעה געלט פאַר מיטגלידער, ווי אויך העלפען און שטיצען פינאַנציעל אַלע וויכטיגע רעליף און געהילף אָרגאַניזאַציעס וועלכע די סאָסייעטי וועט געפינען פאַר נויטיג. מיר פאַרפליכטען זיך אויך צו שטיצען און העלפען אונזערע לאַנדסלייט פון יענער זייט ים ווען עס וועט זיין מעגליך און נויטיג.

אַלע פאַרהאַנדלונגען פון דעם פאַראיין זאָלען געפירט ווערען אין דער אידישער שפּראַך. לעצטענס האָט מען צוגעשטעלט — אָדער די ענגלישע שפּראַך לויט דעם פאַרלאַנג פון אַ מערהייט ביי די מיטגלידער.

אַלס מיטגלידער ווערען אַריינגענומען — יעדער פערזאָן וואָס וויל ווערען אַ מיטגליד פון דעם פאַראיין, מוז זיין ניט אינגער פון 18 יאָהר, און ניט עלטער פון 45 יאָהר, אויך מוז ער און זיין פאַמיליע זיין פון דעם אידישען גלויבען, מוז באַזיצען אַ גוטען כאַראַקטער און מוז זיין גייסטיג און קערפּערליך געזונט, ער מוז זיין פאַמיליע אנשטענדיג דערנעהרען, אויך מוז ער זיין זעקס חדשים אין לאַנד. נאָר געבוירענע אין מאָגעלניצע און דערבייאיגע שטעטלאַך קאָנען זיין קאַנדידאַטען. עס מעגען אויך אַריינגענומען ווערען מענער וואָס

האָבען חתונה מיט פרויען וואָס קומען פון מאָגעלניצע אָדער אומ־געגענד. שפּעטער איז צוגעשטעלט געוואָרען — ווי אויך קאָזינס, שוואָגערס אָדער נעפּיוס פון מיטגלידער.

די קאָמיטע וואָס האָט פאַרפאַסט די ערשטע קאָנסטיטוציע פון דער אינדעפּענדענט מאָגעלניצער סאָסייעטע, איז באַשטאַנען פון —

| | |
|---|---|
| **יצחק מאַרקאָוויטש** | **דזש. לעמבערגער** |
| **מאַקס שניצער** | **לואי נירענבערג** |
| **לואיס ראַפּאַפּאָרט** | **אברהם חאסען** |

**דזשעק קליין**

## די סאָסייעטע קריגט אַ טשאַרטער און זי קויפט אַ סעמעטערי.

כדי צו האַלטען פאַרזאַמלונגען און צאָלען קראַנקען בענעפיס און אין אַלגעמיין פונקציאָנירען אַלס געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציע האָט מען געמוזט אַרויסקריגען אַ געזעצליכע דערלויבניש פון דעם שטאַט ניו יאָרק. עס האָט געמוזט רעגיסטרירט ווערען אין אַלבאַני, די הויפּט שטאָט פון ניו יאָרק, אַז עס עקזיסטירט אַ מאָגעלניצער סאָ־סייעטע. פון די אַלע מיטגלידער האָבען זיך אָבער געפונען ווינציג בירגער, און ווען מרדכי שניצער, וועלכער איז שוין דאָן יאָ געווען אַ „סיטיזען (בירגער) איז אוועק צו אַן אדוואָקאַט ארויסצושרייבען דעם „טשארטער" פון אָלבאַני, האָט מען איהם געזאָגט, אַז מען מוז האָבען אַ מינימום פון זעקס בירגער אַלס גוט־שטייענדע מיטגלידער. אין דער סאָסייעטע זיינען דאָן אָבער געווען בלויז דריי בירגער אַ חוץ שניצער'ן, דאָס זיינען געווען זיין זוהן לואי שניצער און חיים באָרענשטיין (חיים'ל יאָסקעס), מען האָט אָבער גע'פּועל'ט ביים אַד־וואָקאַט, אַז די אַנדערע דריי זאָלען זיין האַלבע־בירגער, דאָס הייסט אַזעלכע וועלכע האָבען שוין זייערע ערשטע בירגער־פּאַפּירן. זיי האָבען אָבער געמוזט באַצאָלן פאַר דער פּריווילעגיע. אַזוי איז פאַר־קויפט געוואָרען צו יצחק פינקעל פאַר פינף דאָלאַר, צו מאיר האַרין פאַר פינף דאָלאַר און צו מטות פינקעל פאַר פיר און אַ האַלב דאָלאַר (ריזיגע סומען אין יענע יאָרען), אַז זייערע נעמען זאָלען שטיין צו־זאַמען מיט אונזערע רעגולאַרע „סיטיזענס" אויף דעם טשאַרטער פון דער סאָסייעטע.

דערווייל האָט מען פאַרהאַנדעלט מיט איינינע סעמעטערים

(בית־עלמנס) אין דעם געגענט פון ניו יאָרק צו האָבען אַן אייגען „גוט־אָרט” איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר פאַר אונזערע מיטגלידער, ווייל נאָך אַלעם איז דאָס דאָך געווען דער פונקט, וואָס האָט באַוואויגען אונזערע לאַנדסלייט זיך צו אָרגאַניזירען צייט דעם טויטנפאַל פון אייזיק הירש.

די פאַרהאַנדלונגען זיינען אָנגעפירט געוואָרען דורך אַ קאָמיטעט וואָס איז באַשטאַנען פון לייבוש ראַפּאַפּאָרט, נטע ווינטער און דזשייק קליין. זיי האָבען פאַרהאַנדעלט מיט די „יונייטעד היברו סעמעטערים” (פאַראייניגטע אידישע בית־עלמנ׳ס) פון ריטשמאָנד, סטעטן איילאַנד, אַ פאָרשטאָט פון ניו יאָרק. זיי האָבען פאָרגעשלאָגען דאָרט צו קויפען אונזער בית־עולם. דעם 20טן מאַי 1911 האָט אונזער אַדוואָקאַט, וועלכער האָט איבערגעלייענט אַלע פונקטן פון דעם קאָנטראַקט, אונז געמאָלדען, אַז אַלץ איז געזעצליך פאַרשריבען, און די סאָסייעטע האָט איינגעצאָלט און טאַקסירט יעדען מיטגליד מיט אַ שטייער אויסצוצאָלען פאַר דער סעמעטערי.

דעם קומענדן חודש, אין יוני 1911, איז טאַקע באַערדיגט געוואָרען אונזער ערשטער פאַרשטאָרבענער מיטגליד אויף אונזער נייעם בית־עולם. דאָס איז געווען יאָסל הירש, אויך אַ זוהן פון וואָלףבער שמש, און אַ ברודער פון אייזיק׳ן, צוליב וועמען מען האָט די סאָסייעטע געגרינדעט.

די סאָסייעטע האָט געוואָקסן, כמעט אַלע מיטגלידער האָבען דאַן געוואוינט אויף דער איסט־סאַיד נישט ווייט פון דעם פאַרזאַמלונגסלאָקאַל זיינען אַלע „מעמבערס” (מיטגלידער) געקומען צו יעדער פאַרזאַמלונג, מען האָט געצאָלט די „בילס” (ביי־טראָגן) און עס איז אינטערעסאַנט צו מערקען, אַז ווען די קאַסע האָט שוין געהאַט די ריזיגע סומע פון ($97,83) זיבען און נײַנציק דאָלאַר מיט דריי און אַכציק סענט, האָט מען באַשלאָסען, אַז מען זאָל אַרויסנעמען דאָס געלט פון אַדאָלף מאַנדעל, אַ קליינעם פּריוואַטן באַנקיר פון 155 ריווינגטאָן סטריט, און עס דעפּאָנירען אין אַ גרעסערע באַנק — יוסף מאַרקוס׳עס נייע פּאָבליק באַנק אויף דילענסי סטריט. שפּעטער האָבעןביידע באַנקירען אי מאַנדעל אי מאַרקוס, באַנקראָטירט. די סאָסייעטע, וועלכע האָט ביי יענער צייט שוין געהאַט די געלטער אין אַ דריטע באַנק, איז אַרויס מיט געזונטע ביינער.

## אונזערע לאַנדסלייט ווערען געשעפּטס־לייט.

דער עקאָנאָמישער צושטאַנד ביי די לאַנדסלייט אין יענע יאָרען איז געווען אין נישט קיין געהויבענעם מצב, כמעט אַלע זיינען געווען אַרבייטער, מערסטענס אַפּערייטאָרס (מאַשין נייער) ביי שניידעריי, סיי ביי מענער אַרבעט און סיי ביי קלאָוקס (פרויען קליידער). אין די יאָרען 1906—1907, האָבען אָבער עטליכע פּרובירט צו ווערען געשעפּטס־לייט, געדענק איך, ווי מרדכי שניצער און יצחק פינקעל, נאָכדעם ווי זיי האָבען די ערשטע פּאָר יאָר געאַרבעט אין שמוקלעריי פאַבריקען, ביי „פּאַזאַמענטאַרי און טרימינגס" (באַפּוצונגען פאַר פרויען קליידער). האָבען בשותפות געעפענט אַ קליינע פאַבריק אויסצואַרבעטען פון פעדערען, וואָואַלען און שאַלען פאַר דאַמען. אין יענער צייט איז געווען די מאָדע פאַר פרויען צו טראָגען האַלז־שאַלען געמאַכט פון פעדערען פון „אָסטריטשעס" (שטרויס־פויגלען). די געשעפטן זיינען אַוועק נישקשה'דיג, אָבער נאָך אַ קורצער צייט האָבען זיךביידע שותפים צושיידט. מרדכי שניצער האָט צוזאַמען מיט זיינע זיהן און איידעמס פאָרמירט זיין אייגענע פירמע אונטער דעם נאָמען „מאַקס שניצער און סאָנס", וואו כמעט די גאַנצע משפחה האָט מיטגעאַרבייט, און פינקעל האָט צוזאַמען מיט פרעמדע שותפים געעפענט זיין אייגענער פירמע אונטער דעם נאָמען „די אָסטריטש פענסי פעדער באָוא קאָמפּאַני". און ביידע האָבען געטאָן גוטע געשעפטען, און זיי זיינען ביי די איבעריגע לאַנדסלייט אַנערקענט געוואָרען אַלס גבירים.

עס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז אַ סך צו זייער דערפאָלג האָט געהאָלפען אַ מאָגעלניצער לאַנדסמאַן, וועלכער איז ערשט געהאַט אָנגעקומען קיין ניו יאָרק, זיין נאָמען איז אברהם מערקער (אברהם קייזער'ס). ער האָט געוויזען אַ נייעם סיסטעם, ווי צו וואַשען און רייניגן די רויע פעדערן, וואָס איז ביז דאַן געווען אַ נייעס אין

אַמעריקע. שפּעטער איז אברהם מערקער אוועק קיין קענזעס סיטי, וואו ער וואָהנט נאָך עד היום, און איז איינער פון די גרינדער פון דער מאַגעלניצער לאַנדסמאַנשאַפט אין יענער שטאָט.

די געשעפטן ביי די שניצערס זיינען אַזוי ווייט אוועק גוט, אַז אין אַ פּאָר יאָר שפּעטער זיינען זיי אויך אַריין אין די מואווינג פּיקטשור, (קינאָמאַטאָגראַפיע) געשעפטען. זיי זיינען געווען פון די ערשטע פּיאָנערן צו עפענען אַ גרויסען מאָדערנעם קינאָ־טעאַטער אין ברוקלין, און אויך אין דעם פעלד האָבען זיי מצליח געווען, היינט צו־טאָג איז שניצער'ס איידעם סעם רינצלער, דער מאַן פון זיין טאָכטער גאָסי, דער אייגענטימער פון איינע פון די גרעסטע קייט פון קינאָ־טעאַטערס אין ברוקלין. זיינע זיהן לואי און פסח־משה, ווי אויך זיין עלטסטער איידעם ווילי שוצער, אַלע מיטגלידער פון אונזער סאָסייעטע, זיינען אויך געווען פאַרבונדן מיט דער מואווינג־פּיקטשור אינדוסטרי.

איך וויל דאָ דערמאָנען, אַז כמעט אין יעדער קאָמפּאַניע פאר רעליף זיינען אָט די איידעמס זיהן און טעכטער פון מרדכי שניצער, שטענדיג געווען פון די גרעסטע מנדבים צו העלפען די נויט־ליידענדע מאָגעלניצער לאַנדסלייט.

Rebecca Schnitzer



רבקה שניצער

אָבער, גראַד ווען דאָס לעבן האָט זיך אַביסל פאַרבעסערט פאַר דער שניצער משפחה, האָבן זיי דורכגע־מאַכט זייער גרעסטן פאַרלוסט. רבקה שניצער, מרדכי'ס געטרייע פרוי איז נאָך אַ קורצער קראַנקהייט געשטאָר־בען אין זומער פון יאָר 1913. זי איז בלויז אַלט געווען 45 יאָר. איר טויט האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן טרויער ביי אַלע לאַנדסלייט, ווייל זי איז שטענדיק געווען זעהר גאַסט־פריינט־לעך צו אַלע גרינע, אַריבערגעקומענע לאַנדסלייט פון מאָגעלניצע.

זי איז באַערדיגט געוואָרען אויפֿן מאַגעלניצער בית־עולם. זייט דאַן האָבען אַלע קינדער אַרויסגעוויזען אַ גרעסערע צוגעבונדענקייט צו זייער מאַמע׳ס לאַנדסלייט—די מאַגעלניצער.

אויך יצחק פינקעל האָט פיל געהאָלפען אַלע לאַנדסלייט, וואָס האָבען זיך געווענדעט צו איהם נאָך הילף, אָדער נאָך אַרבעט ביי איהם אין פאַבריק.

ווי איך האָב שוין פריער באַמערקט איז יצחק פינקעל געווען איינער פון די מער געלערנטע און וועלטליכע ענינים צווישען אונזערע לאַנדסלייט. ער איז געווען אַ גרויסער לייענער און פלעגט אויך פיל שרייבען. ער האָט ליב געהאַט טעאַטער און האָט זעהר פיל געשריבען אויף דעם געביט. איך געדענק ווען ער איז געווען אַ באָרדער (לאָ־קאַטאָר) ביי אונז אין הויז, פלעג איך איהם זען זיצען ביז שפּעט אין דער נאַכט, און כסדר שרייבען. עס קאָן זיין, אַז ווען זיין עקאָ־נאָמישער צושטאַנד וואָלט זיך אויף אַזוי פיל ניט פאַרבעסערט, וואָלט ער זיך דערשלאָגען עפּעס צו דערגרייכען מיט זיין שרייבעריי, נאָר די געשעפטן זיינען געקומען פריהער, און זיין שרייבען איז ווי כמעט מיט אַלע שרייבער, וואָס ווערען דערפאָלגרייכע געשעפטס־לייט באַ־שטאַנען פון — שרייבען טשעקס (געלד־אָנווייזונגען). ער האָט אָבער דאָך געפונען צייט פאַר זעהן טעאַטער און זיך נעהנטער באַקאַנען מיט אידישע קינסטלער. איינער פון די גרויסע אידישע קינסטלער, וועלכער איז געוואָרען נאָהנט באַפריינדעט מיט יצחק פינקל׳ען איז געווען דער דאַמאָלסט באַרימטער דייטש־אידישער שוישפּילער פון שעקספּיר׳ס דראַמאַס, מאָריס מאָריסאָן.



**דער טאַטע עפענט אויף אַ געשעפט — אַ רעסטאָראַן.**

אין 1908, האָט אויך דער טאַטע זיך באַרעכענט עס וואָלט צייט געווען פטור צו ווערען פון שאַפּ, און ער איז געוואָרען אַן איי־גענטימער פון אַ פּריוואַטען רעסטאָראַן אין אַ קעלער־שטוב אויף 278 מעדיסאָן סטריט. די רעסטאָראַטערין איז באמת געווען די מאַמע, ווייל דער טאַטע האָט נאָך נישט געקאָנט אויפגעבען אינגאַנצען די אַרבעט ביי שניידעריי. פלעגט די מאַמע אַליין קאָכען, סערווירען און איינקויפען, בשעת דער טאַטע האָט געאַרבייט אין שאַפּ. אַ גרויסע הילף האָבען מיר אין דער רעסטאָראַציע געהאַט פון אונזע־

באָרדער יצחק דיימאָנט, ער פלעגט פאַרבען די פּאָדלאָגעס, העלפען איינקויפען פלייש, און אָפטמאָל העלפען דערלאַנגען צום טיש.

אין יענער צייט זיינען צום טאַטען געקומען ידיעות, אַז די יורשים פון אַ ירושה, וואָס דער פעטער שלמה־מאיר האָט איבערגעלאָזען נאָך מיט יאָרען צוריק זיינען ווילינג איבערצושיקען צום טאַטען זיין חלק פון דער ירושה. איך געדענק נאָך אַלס אַ קליינער אינגל אין מאַ געלניצע האָט מען אין שטוב ביי אונז גערעדט פון אַן אוספּראַווע, וואָס דער טאַטע האָט געהאַט מיט אַנדערע יורשים פון פעטער שלמה־מאיר (קוטשער), וועלכער האָט חתונה געהאַט מיט מיין מאַמע'ס מוהמע אסתר־מלכה. יאָרענלאַנג האָט זיך די אוספּראַווע געצויגען, און ערשט ווען מיר זיינען שוין געווען אין אַמעריקע האָבען די יורשים באַשלאָסען צו מאַכען אַ סוף און אַרויסקריגען דאָס געלד. דער טאַטע האָט געדונגען דעם גרויסען אידיש־אַמעריקאַנער אַדוואָקאַט יצחק אייזיק בן אריה צבי הלוי האָראָוויטש, וועלכער איז דאַן געווען אַן אָנגעזעהענער שרייבער אין דער אידישער פּרעסע. ער איז געווען אַ דעפּוטאַט אין דער ערשטער רוסישער דומאַ אונטער דעם לעצטען צאַר ניקאָליי. ער האָט זיך דורכגעשריבען מיט די וואַרשעווער אַד־וואָקאַטען און דער טאַטע האָט געקריגען זיין חלק פון דער ירושה, אַ קאַרגע פינף הונדערט דאָלאַר. נאָך די הוצאות פאַר'ן אַדוואָקאַט איז איהם געבליבען אַ 350 דאָלאַר. מיט אַזוי פיל געלט האָט מען אויפ־געגעבען די רעסטאָראַציע, מיר האָבען זיך אַרויסגעצויגען אין בראָנז־וויל און דער טאַטע איז געגאַנגען בשותפות מיט צוויי שניידער פאַבריקאַנטען אין אַ פאַבריק פון מענער אַרבעט. אפּנים ער האָט ניט געהאַט דאָס זעלבע מזל, וואָס זיין פריינט שניצער, און נאָך אַ פּאָר חדשים איז געוואָרען אויס געשעפט און אויס ירושה, און דער טאַטע איז צוריק געוואָרען אַ ליינונג־מאַכער (אַ פּאַטשעווקע נייער) אין אַ שניידער שאַפּ. די מאַמע האָט אָבער אויך געמוזט אַרויסהעלפען מיט פּרנסה. זי האָט אין הויז איינגעריכטעט טישען און מיט אָנגע־שטעלטע מיידלאַך און פרויען געאַרבעט קונסטליכע פרויען האָר, וואָס זי פלעגט קריגען אויסצואַרבעטען פון האָר־מאַנופאַקטורען.

## יצחק פינקעל׳ס לוויה.

ליידער איז יצחק פינקעל געוועז א קראנקער מענש. ער האט געליטען פון א הארץ־קראנקהייט און אין יאהר 1913, איז ער אויף דער עצה פון באוואוסטן דאקטאר י. וו. העלד, אוועקגעפארען קיין קארלסבאד צו נעמען די בעדער אלס רפואה צו זיין קראנק הארץ. ער האט אבער נישט דערלעבט דורכצומאכען דעם פולען קורס פון די בעדער. איך געדענק ווי דערציטערט אונזערע מאגעלניצער לאנדסלייט זיינען געווארען פון דער פלוצלום׳דיגער ידיעה, אז יצחק פינקעל איז געשטארבען. דאס איז געווען דעם 21טן יוני 1913. מען האט צוריק אהיים געבראכט זיין קערפער קיין ניו יארק אום איהם צו באערדיגען אויף אונזער סעמעטערי (בית־עולם), זיין לוויה איז געוועז איינע פון די ערשטע פאראדנע לוויות אויף אונזער סעמעטערי. אלע לאנדס־לייט, ווי אויך אלע ארבעטער פון זיין פאבריק זיינען מיטגעפארען ביז אויפן בית־עולם. עס איז מיטגעוועזען א חזן מיט משורר, און דאס איז געווען דאס ערשטע מאל, וואס מען האט אויף אונזער סע־מעטערי געהערט לוויה־תפילות געזונגען פון א חזן מיט א כאר. גע־דענק איך ווען מען האט שוין פארלאזט דאס גוטע ארט איז געקומען צו לויפען א פארסאפעטער, א דערשוויצטער, דער גרויסער קייזער קעניגליכער שוישפילער, מארים מאריסאן, און מיט אן אקטיארסקע שטימע ארויסגעבליפעט „איזידאר מיין פריינט איך האבע דיך א גאנצען טאג געזוכט, און ענדליך דיך געפונען אין דיין פינסטערען קבר!

עס קאן זיין אז, ווי אנדערע האבען שפעטער געזאגט, אז דער זאץ איז געוועז א שטיקעל פון שעקספיר׳ס האמלעט, אבער מיר דוכט זיך, אז דאס זיינען געווען אמת׳ע טרערען, ווייל יצחק פינקעל פלעגט מאריסאנ׳ען אפט ארויסהעלפען מיט א גמילת חסד, וואס ער האט זיכער קיינמאל נישט אבגעמאנט.

איך האב זיך אפט געפרעגט ביי חוה׳ן, פינקעל׳ס אלמנה, אדער זיין איינציגע טאכטער בעקי׳ן, צו עס איז ביי זיי געבליבען עפעס פון דעם טאטענ׳ס שריפטען? ליידער איז אלץ פארלוירען געגאנגען. עס איז ווערט צו באמערקען, אז בעקי, פינקעל׳ס טאכטער איז די פרוי פון דעם אנגעזעהענעם ניו יארקער חזן, קלמן קאליש.

די לאַנדסלייט אויף דער מאָגעלניצער בית־עלמן בשעת דער קמת מצבה אויף יצחק פינקעל.ס קבר, (אויב'ן לינקס) אַ בילד־קנעפּל וואָס מען האָט געטראָגען צו זיין לויה.




Unveiling of monument on grave of Yitzchok Finkel (upper left) picture-button worn at his funeral.

## אַ לעגענדע וועגן מאַגעלניצער צדיק רבי מאיר יחיאל ז״צל וועלכער ווערט באַרימט איבער דער גאַנצער וועלט.

אין אָנהויב פון דעם בוך, האָב איך דערמאָנט, ווי אַלס אינגעל פלעגט דער טאַטע מיך מיטנעמען צום רבי׳ן רב משה׳לע שאפּיראָ פון וואַרשע. דער רבי רב משה׳לע, וועלכער האָט געשטאַמט פון ביאַלע האָט פאַר אַ צייט געמאַכט זיין צווייטע היים אין אונדזער מאַגעל־ניצע, וואו ער האָט געהאַט זעהר אַ סך חסידים. מיין זיידע הערשל האָט איהם שטענדיג אָפּגעגעבען צוויי שטובען וואו ער האָט געפּראַוועט די רבנישע טישען. אין זיידענ׳ס אַן אַל־קער זיינען אויך געשטאַנען עטליכע ספר־תורות, וואו דער רבי און זיינע חסידים פלעגען דאַווענען. אפילו ווען דער רבי פלעגט אָוועקפאָרען קיין וואַרשע האָבען זיינע חסידים פון וועלכע דער טאַטע איז אויך געוועזען איינער, געדאַווענט אַלע שבתים און ימים ־ טובים אין זיידענס שטיבעל, אָדער ווי מען האָט עס גערופען, דאָס וואַרשעווער שטיבעל. דער רבי ר׳ משה׳לע האָט געהאַט אַ שוועסטער, אַן אלמנה פון ר׳ זרח׳ל, זי האָט גע־האַט די קאָנצעסיע פון פאַרקויפען הייוועז צו די מאַגעלניצער באַ־

Rabbi Moshe Shapiro



רבי ר״ משה׳לע

לעבאָסטעס, וועלכע פלעגען אַליין באַקען חלה אָדער אויפשטעלען ראָזשינקע־וויין לכבוד שבת. דער טאַטע האָט מיר דערציילט, אַז דער

רבי ר' משהלע און זיין שוועסטער די רביצין רייזעלע שטאמען אָפּ פון דעם גרויסען מאָגעלניצער צדיק ר' מאיר יחיאל זצ"ל. דערפאר, ווען מיר זיינען געווען אין ווארשע זיינען מיר געגאנגען אויף קבר־אבות אויף דעם אלטען ווארשעווער בית־עולם און געלאָזט א קוויטל אויף ר' מאיר יחיאל'ס קבר.

ווענען אָט דעם גאון רבי מאיר יחיאל איז פאראן א לעגענדע, וואָס איז פארשפרייט צווישען רבנים און חסידים אויף ארבע פינות העולם. אין דער אמעריקאנער אידישער פרעסע איז אָט די לעגענדע איבערגעדרוקט געוואָרען איינציקע מאָל. איך דרוק דאָ איבער די מעשה ווי זי איז באשריבען געוואָרען פון דעם באוואוסטען אידישען זשורנאליסט ר' יוסף מארגאָשעס. איך האָב געהאט די זכיה צו ארבעטען אין דער גרויסער אידישער צייטונג „דער טאָג", ווען ר' יוסף מאר־גאָשעס איז דאָרט געווען אן אָנגעזעהענער מיטארבייטער. איך וויל זיך אויך מתודה זיין, אז דער ליבער ר' יוסף האָט מיט מיר פריי־ווילינ געקנעלט און מיך געלערענט דעם א—ב, ווי צו ווערען א האנט אין א רעדאקציע, אויב עס איז איהם נישט אזוי שטארק געלונגען וויל איך פארזיכערען אז עס איז נישט געווען אזוי פיל „אוי ל'רבי", ווי „אוי לתלמידו".

אגב, דערמאָנט מיך מיין געערטער רבי ר' יוסף מארגאָשעס, אז שבת ט"ו אייר, שנת תש"ט (14טן אפריל 1949) איז געוואָרען פונקט גאנצע הונדערט יאָהר, זייט דער מאָגעלניצער צדיק ר' מאיר יחיאל איז נסתלק געוואָרען.

אָט איז די לעגענדע, ווי זי איז געווען אָפּגעדרוקט אין ניו יאָרקער אידישען „מאָרגען זשורנאל" פון דעם 7טן אָקטאָבער 1938.

## חסיד רופט רבי צו דין תורה ווייל ער „באַצאָהלט" ניט פאַר אתרוג

**אַ דוחק אויף אתרוגים און דער רבי פון מאָגעלניצע וויל דוקא האָבען אַ מהודר. — ווי אַזוי ער האָט געקראָגען אן אתרוג און דער פרייז וואָס ער האָט פאַר דעם צוגעזאָגט.**

פון **יוסף מאַרגאָשעס.**

**אַמאָל און היינט**

היינטיגע צייטען, ווען עס לויפען אומעטום באהנען און שנעל־שיפען, אין דער פעריאָדע פון טעלעגראפען, טעלעפאָנען און ראדיאָס

— קען קיינמאָל קיין דוחק נישט זיין אין קיין שום זאַך, אויב מען איז נאָר ווילִיג און אימשטאַנד דערפאַר צו באַצאָהלען דעם ריכטיגען פּרייז.

אויב עפּעס געראָט נישט און וואַקסט ניט גענוג אין איין געגענט, ברענגט מען עס באַלד, אין אַ גאָר קורצער צייט, פון ערגיץ אַנדערש.

אבער אין די פריהערע דורות, איז ניט אַזוי געווען. אויב עס האָט זיך געמאַכט, אַז תבואה, אָדער אַנדערע פּרוכטען, זיינען נישט גענוג געוואָקסען אין איין לאַנד, האָט דערפון געמעגט זיין גענוג נישט ווייט, האָט מען געליטען דוחק. דאָס צופיהרען און ברענגען איז געווען זעהר שווער און פאַרבונדען מיט גרויסע קאָסטען.

דאָס זעלבע איז אויך געווען דער פאַל מיט אתרוגים, וועלכע מען פלעגט ברענגען — דורך דער האַפען שטאָדט פון די גריכישע אינזלען קאָרפו און פאַרגאַ.

באַלד נאָך שבועות פלעגען מערערע פוילישע אידען,—„אתרוגר" האָט מען זיי גערופען, — זיך לאָזען אין וועג אַריין. עס האָט זיי גענומען היבשע עטליכע וואָכען ביז זיי האָבען דערגרייכט טריעסט און, אַז עס איז געלונגען און זיי האָבען ביי די גרעקען איינגעהאַנדעלט זייערע סחורות, האָבען זיי זיך צוגעאייַלט, כדי נאָך פאַר ראש השנה, אָדער העכסטענס אין די עשרת ימי תשובה, זיין צוריק אין דערהיים, צו פאַרקויפען די אתרוגים און די לולבים.

עס פלעגט אָבער אויך טרעפען, אַז די אתרוגים און לולבים זיינען ניט געוואָקסן גענוג, אָדער ס'האָט זיך געמאַכט אַ מלחמה־יאָהר, אָדער אַן אַנדער סיבה, און די „אתרוגר" האָבען נישט געהאַט גענוג סחורה, אָדער נישט געקענט אַהיים קומען אין צייט, דאַמאָלסט האָט געהערשט אַ גאָר גרויסער מאַנגעל אין אתרוגים, און אויב עס זיינען יאָ געווען אַביסל צו פאַרקויפען, האָבען די סוחרים פאַרלאַנגט הויכע פּרייזען, פּשוט אַז מען זאָל אָפּגילטן. גאַנצע קהלות, — פון יחידים איז שוין אָפּגערעדט, — זיינען אין אַזעלכע יאָהרען געבליבען גאָר אָהן אתרוגים און האָבען נישט געקענט מקיים זיין די מצוה פון, „ולקחתם לכם ביום הראשון פרי עץ הדר".

## דער מאָגעלניצער צדיק.

וועגען אַזאַ יאָהר און אַ גרויסען מאַנגעל אין אתרוגים, פלעגען אַלטע חסידים דערצעהלען אָט אַזאַ מעשה:

א גאַנצען זומער האָט זיך שוין געהערט, אַז עס געהען אָן מלחמות און עס וועט דערפאַר זיין א גרויסער דוחק אין אתרוגים. ובפרט האָבען די סוחרים, — כאָטש זיי האָבען זיך יענעם יאָהר מקדים געווען און פריהער אַרויסגעפאָהרען, — געשריבען, אַז די גרעקען זיינען דערוויילע נאָך נישטאָ. און די וואָס זיינען שוין יאָ געקומען קיין טריעסט, האָבען געבראַכט אזעלכע בילינע אתרוגים, פשוט ניט אין האַנד אַריינצונעמען.

דערפון האָט דער אַלטער מאַגעלניצער צדיק, זכרונו לברכה, גאַר גרויס עגמת נפש געהאַט. ער האָט שטאַרק געהאַלטען פון הדור מצוות און שטענדיג געזעהן, צו האָבען דעם שענסטען אתרוג, א מובחר שבמובחרים. עס האָט געמעגט קאָסטען ווי טייער, איז געווען אין כסף נחשב.

תיכף א טאָג נאָך ראש השנה האָט ער אַריבערגעשיקט קיין וואַרשע זיינס א מקורב און איהם מיטגעגעבען א היבשע סומע געלד און שטאַרק אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל אַלעס מעגליכע אָנווענדען, אבי, חלילה, ניט אַהיימצוקומען מיט ליידיגע הענד און, אויב מעגליך, אויס־צוזוכען עפּעס א מובחר'ל.

דער שליח מיוחד האָט זיך עטליכע טעג אַרומגעדרעהט אין וואַר־שע, אומעטום געזוכט און געגישטערט, אָבער עפּעס א לייטישן אתרוג האָט ער דאָך אַלץ נישט געקענט באַקומען.

די „אתרוגר" זיינען ניט געווען צוריק אין דערהיים. מען האָט אפילו וועגען זיי גאָר נישט געוואוסט, אויב זיי וועלען אפילו דער־ציהען אויף סוכות און די צוויי־דריי, וואָס זיינען שוין יאָ געווען אין וואַרשע, האָבען געהאַט אזעלכע בילינע, ניט דערוואַקסענע, אתרוגים, אַז קיין איינער פון זיי איז ניט ראוי געווען לברכה, מען האָט זיך קוים מיט זיי געקאָנט באַנוצען צו די נענועים.

דער שליח האָט דערפון געהאַט גרויס עגמת נפש. אָבער קיין עצה האָט ער זיך נישט געקענט געבען און ער האָט שוין געהאַלטען ביים אַהיים פאָהרען—מיט ליידיגע הענד.

איז אָבער דאָך געווען מן השמים, אַז דער הייליגער מאַגעל־ניצער, זכרונו לברכה, זאָל, חלילה, ניט האָבען א פאַרשטערטען יום־טוב און גאַנץ סוכות קיין אתרוג נישט האָבען, — א זאַך וואָס האָט פריהער נאָך קיינמאָל נישט פּאַסירט, — האָט זיין שליח מיוחד זיך

דערוואוסט, אַז טאַקע דאָ אין וואַרשע איז דאָ אַן אתרוג, אַ מובחר שבמובחרים.

ער איז באַלד אוועק צום בעל האתרוג. דאָס איז געווען אַ חסי־דישער יונגערמאַן, — אַפּילו אַ קאָצקער חסיד, — אַ גרויסער גביר. ער האָט דעם אתרוג באַקומען צוגעשיקט מיט אַ באַזונדערן שליח פון זיינעם אַ קאָמיסיאָנער, וואָס האָט זיך שטענדיג געפונען אין דער גרויסער האַנדעלס־און האַפען־שטאָדט טריעסט און ער האָט זיין בעל הבית מהנה געווען מיט דער דאָזיגער גרויסער, און היינטיגס יאָהר זעלטענער, מתנה.

דער שליח האָט דעם גבירישען יונגענמאַן דערצעהלט ווער ער איז און צוליב וואָס זיין רבי, דער מאָגעלניצער צדיק, האָט איהם דאָ אהער געשיקט. ער האָט איהם שטאַרק געבעטען, אַז ער זאָל איהם דעם אתרוג פאַרקויפען. ער וועט באַצאָהלען וויפיעל דער גביר וועט נאָר וועלען.

### דער פּרייז פאַר׳ן אתרוג.

פון געלד נעמען פאַר׳ן אתרוג האָט דער יונגערמאַן אַפּילו נישט געוואָלט הערען. ער האָט גענוג און דאַרף נישט מעהר.

נאָר וואָס דען? ער איז, לא עלינו, אַ חשוך בנים. ער וואוינט שוין מיט׳ן ווייב אַן ערך צעהן יאָהר און האָט נישט קיין קינדער. ער וועט זי באַלד — אַפּילו געגען ביידענס רצון, — מוזען גט׳ן...

על כן, אויב דער מאָגעלניצער צדיק וועט איהם מבטיח זיין, אַז ער וועט היינטיגס יאָהר האָבען אַ בן זכר, איז ער וויליג דעם רבי׳ן צו געבען דעם אתרוג, בתורת מתנה.

דער שליח האָט דערצו מסכים געווען. אָבער מיט אַ תנאי: ער וועט איצט מיט זיך מיטנעהמען דעם אתרוג. וועט דער רבי מסכים זיין צו דער הבטחה, איז הרי טוב. אָבער טאָמער ניט, וועט ער דעם אתרוג תיכף ומיד צוריק אָפּשיקען מיט אַ באַזונדערען שליח.

גרויס איז געווען דעם צדיק׳ס פרייד, ווען ער האָט דערזעהן דעם שליח מיט׳ן אתרוג. זיין שמחה איז געווען אין לשער, ובפרט, אַז דער אתרוג מיט׳ן לולב זיינען איהם גאָר שטאַרק געפעלען געוואָ־רען, ס׳איז געווען אַן אמת׳ער הדר.

אַז ער האָט אַביסעל שפּעטער, נאָכ׳ן אָפּרוהען זיך פון זיין התפּעלות, געפרעגט דעם מקורב דעם פרייז, וויפיל ער האָט באַצאָלט

פאר'ן אתרוג, און ער איז געוואהר געוואָרען וועגען דעם אָפּמאַך מיט'ן גבירישען יונגענמאַן, האָט ער זיך גאָר שטאַרק געשלאָגען מיט דער דעה, צו ער זאָל דעם אתרוג אָננעהמען, אָדער באַלד צוריק אָפּ־שיקען קיין וואַרשע.

מבטיח זיין א בן זכר צו א אידען, וועמען ער קאָן אפילו נישט, האָט זיך איהם שטאַרק נישט געוואָלט, אפשר איז דאָס געגען דעם רצון מן השמים, אַז דער איד זאָל האָבען קינדער?

אָבער ווידער צוריקשיקען אַזאַ אתרוג, א מובחר שבמובחרים, אין אַזאַ צייט, האָט ער אויך נישט געוואָלט, מי יודע, אפשר וועט ער, חלילה, גאָר קיין אתרוג ניט קענען באַקומען און אינגאַנצען בלייבען אָהן דער הייליגער מצוה? היתכן? ניט מקיים צו זיין די גרויסע מצוה פון „ולקחתם לכם?”.

נאָך א גאַנצער נאַכט נאָכקלערען איז ער געקומען צו דער דעה דעם אתרוג נישט צוריקצושיקען. ער איז געווען בטוח אַז אין זכות פון דער הייליגער מצוה, ובפרט מקיים צו זיין „זה אלי ואנוהו — הדרהו במצוות”. וועט מען אויבן מסכים זיין צו זיין הבטחה. און דעם יונגענמאַנ'ס ווייב וועט היי־יאָהר נפקד ווערען מיט א בן זכר.

וכך הוה. איידער עס איז נאָך אוועק א גאַנץ יאָהר, איז דעם צדיק'ס הבטחה טאַקע מקוים געוואָרען.

דאָס גבירשע ווייבעל אין וואַרשע איז מעוברת געוואָרען און דערנאָך געהאַט א אינגעל.

ווייל דאָס איז אָבער ניט געווען על פי דרך הטבע, האָט דאָס קינד געלעבט בלויז דריי וואָכען און איז אוועק פון דער וועלט.

## דער דין תורה.

דער צער פון די אומגליקליכע עלטערן קען מען שוין משער זיין.

אָבער אַז דער יונגערמאַן האָט זיך דאָך אביסעל בארוהיגט, איז ער אוועק צו זיין אייגענעם רבי'ן, קיין קאָצק, און איהם דער־ציילט אַלעס וואָס האָט מיט איהם פּאַסירט.

דער קאָצקער צדיק האָט זיך אביסעל ערנסט פאַרטראַכט און איהם געהייסען רופען דעם מאָגעלניצער צדיק צו א דין תורה.

— דו האָסט געגען איהם, — האָט ער געזאָגט, — א ריכטיגע טענה. ער האָט דיר געגעבן אַזאַ זאַך, וואָס האָט קיין קיום ניט גע־

האָט. ניט אויף אַזאַ אופן האָסטו איהם געגעבן דעם אתרוג. על כן מוז ער עפּעס וועגען דעם טאָהן, ווארום אויב ניט, האָט ער אויפ'ן אתרוג געמאַכט אַ ברכה לבטלה, ער איז נישט געווען זיין אייגענטום.

דער יונגערמאַן האָט געפאָלגט זיין רבינ'ס עצה. אַז ער איז אַהיים געקומען, האָט ער צום מאַגעלניצער צדיק געשריבען אַ בריף, אַז ער האָט בדעה איהם צו רופען צו אַ דין תורה, וועגען זיין נישט דערפילטע הבטחה.

דער מאַגעלניצער רבי האָט דערפון געהאַט אַ סך עגמת נפש און שטאַרק מתפלל געווען צו השם יתברך, אַז ער זאָל חלילה, ניט פאַרשעהמט בלייבען און דאָס וואָס ער האָט צוגעזאָגט, — ניט פון זיין אייגענעם כבוד וועגען, נאָר למען גודל המצוה, — זאָל דאָך מקוים ווערען.

דערנאָך האָט ער געשריבען אַ בריף צום יונגענמאַן און גע־ענטפערט, אַז ער איז איהם נאָך אַמאָל מבטיח אַ בן זכר, וועלכער וועט שוין זיכער זיין אַ זרע של קיימא, און ער, צוזאַמען מיט'ן ווייב, וועלען איהם מגדל זיין לתורה, לחופה ולמעשים טובים.

עס איז טאַקע אַזוי געווען. דאָס ווייבעל איז אינ'ם זעלבען יאָהר נאָך אַמאָל נפקד געוואָרען און געהאַט אַ בן זכר, צום לעבען.

אַלטע חסידים, ווען זיי האָבען דערציילט די דאָזיגע מעשה, האָבען שטענדיג נאָך מוסיף געווען פאָלגענדע דבורים:

— פון דאַנען זעהען מיר, ווי גרויס עס איז דער כח פון אַ מצוה.

דער יונגערמאַן איז דאָך אָפּט געפאָרען קיין קאָצק און דאָס איז דאָך ידוע, אַז דער קאָצקער צדיק איז געווען אַ איש אלוקים. און אַז דער דאָזיגער צדיק האָט איהם נישט געקענט העלפען — איז דאָס געווען דער בעסטער באַוויז, אַז דער יונגערמאַן האָט בטבע ניט געקענט האָבען קיין קינדער.

אָבער, ווייל מען האָט געזעהן אויבען אין הימעל דאָס גרויסע מסירת נפש, וואָס דער מאַגעלניצער רבי האָט געהאַט ביי דער מצוה פון אתרוג און די גרויסע שרעק טאָמער בלייבט ער, חלילה אָהן אַן אתרוג, — איבער דעם האָט זיין ברכה עושה רושם געווען און מען האָט משנה הטבע געווען און דער מענש איז געהאָלפען געוואָרען מיט אַ קינד, און טאַקע צום לעבען.

**מיר ציהען זיך קיין בראָנזוויל אַ האַלבע סאָסייעטע ציט זיך מיט**

דאָס נאָהענטקייט, וואָס האָט עקזיסטירט צווישען אונזערע לאַנדסלייט דאָן, איז נישט געווען בלויז אַ גייסטיגע נאָר מען קען אויך זאָגען אַ גאַנץ פיזישע. איך געדענק ווען מיר האָבען אין יאָר 1909 זיך אַרויסגעצויגען קיין בראָנזוויל, אויף קריסטאָפער און ניו־לאָטס עוועניו — האָט דער טאַטע גלייך געזעהן, אַז כמעט אַ העלפט פון דער סאָסייעטי׳ס מיטגלידער זאָלען זיך אַרויסציהען פון ניו יאָרק און זיך באַזעצען אין דער דאַמאָלסדיגער אידיש׳סטער געגענד פון ברוקלין. אין זעלבען הויז מיט אונז האָט דאַן געוואוינט דוד טורעק, וועלכער איז געווען נאָר וואָס פאַרהייראַט צו לואי נירענבערג׳ס שוועסטער ליבע. נירענבערג אַליין האָט געוואוינט מיט זיין עלטערער פרוי שרה און זייער זוהנדעלע ראובן, אויף דער זעלבער גאַס. באַלד דערלעבן האָט אויך דאַן געוואוינט יאָסל לעמבערגער, און ישראל גאָלדבערג. חיים בערענשטיין, מרדכי שניצער, שמעון באַראַנסקי, און נטע ווינטער זיינען שוין געווען בראָנזווילער תושבים פון פריהער. שפּעטער זיינען צוגעקומען קיין בראָנזוויל אברהם און חוה התן, דזשייק און נתן קליין און יוסף צימבאַלסקי און אַנדערע. דאָס זעלבע איז געווען אין ניו יאָרק, ווען לואי ראַפּאַפּאָרט האָט געוואוינט אויף קלינטאָן סטריט, האָבען אַ גרויסע צאָל לאַנדסלייט זיך גלייך אַריינגעצויגען אין אָדער אַרום קלינטאָן סטריט. אין דעם הויז וואו ראַפּאַפּאָרט האָט געוואוינט האָט אויך געוואוינט יצחק דיימאָנט, מיט זיין פרוי, אברהם דיימאָנט מיט זיין פרוי אויך אברהם סיגעל, אברהמעלע מאַנדעל און דזשייק ראָזענטאַל, אַהרן סיגעל און אייזיק (אַזשו) שעוואַץ האָבען געוואוינט אויף האָסטאָן לעבען קלינטאָן סטריט. שפּעטער ווען מיר האָבען זיך צוריק געצויגען אויף עוועניו די, אין ניו יאָרק, האָבען זיך גלייך מיטגעצויגען יענקל און טאָבע התן, משה און לאהקע קליינמאַן, דוד טאָרעק, ישראל גאָלדבערג, לאָזער נירענבערג און אַנדערע, קעגענאיבער אונז אויף 68 אָדער 66 עוועניו די, האָט עקזיסטירט פאַר בלויז אַ קורצע צייט, אַ מאָגעלניצער שוהל וואו די פרומערע פון אונזערע לאַנדסלייט האָבען מתפלל געווען. עס האָט זיך אָבער אָנגעהויבען מחלקות און אין אַ שיינעם העלען טאָג האָט איין לאַנדסמאַן פאַרלאָזט ניו יאָרק, מיטגענומען מיט זיך דאָס ספר־תורה. און עס איז געוואָרען אויס שוהל.

דאָס זעלבע האָט פּאַסירט, ווען מיר האָבען זיך באַזעצט אין דער בראָנקס. אויך דאָרט האָט זיך גלייך איינגעאָרדענט אַ מאָגעלניצער קאָלאָניע. מיט איין וואָרט, דאָרט וואו שניצער, ראַפּאַפּאָרט און מאַרקאָוויטש האָבען געוואוינט, דאָרט האָט מען געפונען די מאָגעלניצער לאַנדסלייט.

## דער אָנהויב פון רעליף־אַרבעט ביי די מאָגעלניצער.

באַלד נאָך דעם אָנהויב פון דער ערשטע וועלט־מלחמה האָבען דערגרייכט צו אונז ידיעות וועגן די שווערע צייטן, וואָס אונזערע לאַנדסלייט פון פוילען בכלל, און אונזערע מאָגעלניצער בפרט, מאַכן דורך. דורך בריף, וואָס מאַנכע מיטגלידער האָבען דערהאַלטען דורך דעם יאָהר 1914 האָבען מיר געהערט פון דעם עקאָנאָמישן באַיקאָט, וואָס די אידען פון מאָגעלניצע שטייען־אויס. דורך דעם גאַנצען יאָהר האָבען די בריף אַנטהאַלטען הארץ־שרייענדיגע בקשות נאָך שטיצע. קרובים האָבען געבעטן מען זאָל זיי אַריבערברענגען, מאַנכע האָבען דאָס טאַקע געטאָן, אָבער נישט יעדער האָט דאָס געקאָנט באַווייזן.

דער ערשטער פרוּף צו טאָן עפּעס צו פאַרלייכטערן די לאַגע פון אונזערע ליידענדע, איז געמאַכט געוואָרען ביי א פאַרזאַמלונג פון אונזער סאָסייעטע, וועלכע איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען דעם 28טען סעפּטעמבער אין יאָהר 1915. עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו פאַררופען א ספּעציעלע פאַרזאַמלונג פון אַלע מאָגעלניצער פון ניו יאָרק און אומגעגענד, מיטגלידער פון דער סאָסייעטע און ניט־מיט־גלידער מיט דעם צוועק—צו העלפן די מלחמה ליידענדע פון מאָגעל־ניצע — אזוי לייענט זיך טאַקע דער פּראָטאָקאָל פון יענער פאַר־זאַמלונג. דער קאָמיטעט, וואָס איז באַשטימט געוואָרען צו רופען און אַראַנזשירן די רעליף פאַרזאַמלונג איז באַשטאַנען פון די פאָלגענדע מיטגלידער פון דער סאָסייעטע — יצחק מאַרקאָוויטש, אברהם חתן, נחום שוואַרץ, מאַקס הירש, אייב קליין, נטע ווינטער און לואי נירענבערג.

מען האָט צו דער פאַרזאַמלונג אַרויסגעגעבען א געדרוקטען זשורנאַל מיט אַנאָנסען און עס איז געשאַפען געוואָרען די ערשטע סומע געלדער, וועלכע איז גלייך אַוועקגעשיקט געוואָרען קיין מאָ־

געלניצע. דאָס געלט איז געשיקט געוואָרען צו צוויי פון די רייכערע און אָנגעזעהעענע בעל־הבתים, צו מאיר בראָון און שבח שיפּער, זיי זאָלען דאָס אויסטיילען צו די נויט־באדערפטיגע.

אזוי פלעגט מען אָנגיין מיט אונזער רעליף אַרבעט יעדעס יאָר. מען האָט יעדען יאָר געוועקט, געמאָנט ביי אונדזערע מיטגלידער, אַז די וויכטיגסטע אַרבעט, וואָס עס שטייט פאַר אונזערע איז צו העלפען די מאַגעלניצער בפרט און די מלחמה־ליידענדע בכלל, למען האמת מוז מען נאָטירען, אַז נישט אַלע מיטגלידער אונזערע האָבען זיך געדען אָבגערופען אויף די כסדר׳דיגע מאָנונגען און אויפ־רופען, דער אינגערער עלעמענט, האָט אָפּט געהאַט טענות, אַז אַלץ וואָס מען הערט ביי אונזערע פאַרזאַמלונגען איז אויפרופען פאַר הילף און צו שיקען געלד. נאַטירלאַך איז דאָס געווען פאַרוואורפען פון איידעמס צו וועלכע דאָס וואָרט „מאַגעלניצע״ איז בלויז געווען אַ מאָדנע קלינגענדיג וואָרט, אָבער אַפילו אונזערע אייגענע, דער צווייטער דור אַמעריקאַנער געבוירענע קינדער, האָבען אויך בעסער געוואָלט מיר זאָלען ריידען וועגען אונטערנעמונגען, בעלער, באַנקעטן וכדומה. דער טאַטע און די איבריגע אַקטיווע טוער אין די סאָ־סייעטע האָבען אָבער נישט אָבגעלאָזט און ווייטער געמונטערט און ווייטער געמאָנט, ביז מען האָט יעדען איבערצייגט און צוגעוואָהנט, אַז אונזער וויכטיגסטע אַרבעט איז — רעליף־אַרבעט.

איך וויל נישט מאַכען דעם איינדרוק, אַז איך אונטערשטרייך בלויז אַז דער טאַטע איז געווען דער איינציגער טוער אין אונזער רעליף־אַרבעט. אוודאי זיינען געווען און עס זיינען נאָך היינט ב״ה דאָ אַנדערע און דוקא טיכטיקע מיטאַרבעטער. אָט געדענק איך ווי אַפּאָר יאָר פלעגט יעדען ערב פּסח זיך אַרויסלאָזען איבער דער שטאָט נטע ווינטער און מיטנעמען אַנדערע לאַנדסלייט, ווי שמעון באַריינסקי אָדער אברהם מאַנדעל, און גיין איינמאָהנען מעות חיטים אהיים צו שיקען צו אָרימע לייט אויף פּסח. דאָס איז געווען נאָך פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה.

געווען אַזעלכע אין דער סאָסייעטע, וועלכע האָבען גע׳טענה׳ט, אַז לויט אונזער קאָנסטיטוציע טאָר מען ניט, און מען קאָן ניט, שטי־צען אַזוי פיל, ווי מען פאַרלאַנגט, אַז מיר וועלן געהן געבראָכען און אז. וו. דער טאַטע האָט צו אַזעלכע טענות געהאַט איין ענטפער — דערווייל דאַרף מען העלפען, אויב מיר זאָלען האַלטען, חלילה, ביים גיין געבראָכען, (אויסשעפען אונזערע גאַנצע פינאַנצען), וועלען די מאַגעלניצער שוין געפינען אופנים ווי אַזוי צו העלפען דער סאָסייעטע.

מען דאַרף נישט האַנדלען בלויז לויט דער קאָנסטיטוציע, נאָר אויך לויט'ן האַרצען, דערפאַר, האָט ער געזאָגט, עקזיסטירט אונזער סאָ־סייעטע אַזוי לאַנג, ווערענד גרעסערע אָרגאַניזאַציעס, מיט גרעסערע מיטגלידערשאַפט זיינען שוין אונטער געגאַנגען, און די לאַנדסלייט האָבען איהם צום גרעסטען טייל געפאָלגט, אָפּטמאָל בשעת אַ געלד־קאַמפּאַניע, האָט אָפּטמאָל אַ מרדכי שניצער אַ לייבוש ראַפּאַפּאָרט. גערעטען דעם טאַטען, אַז ער זאָל זיך ווענדען נאָך געלד צו זייערע קינדער, ווייל ער מאַרקאָוויטש וועט מער אויפטאָן, ווי זיי, די טאַ־טעס אַליין.

אין די שפּעטערדיגע יאָרען, ווען עס איז אויף מיינע שוואַכע אַקסלען, געפאַלען די אַרבעט פון זאַמלען געלד פאַר רעליף, האָב איך אָפּט אויסגענוצט אָט דעם פּלאַן. ווען איך האָב גערעדט צו גאָסי רינצלער און אירע ברידער און זיי געזאָגט, דער טאַטע האָט געהייסן שיקען — האָט מען טאַקע געשיקט. הלואי אויך אויף ווייטער.

יעדעס יאָהר פלעגט מען מאַכען אונטערנעמונגען פאַר'ן רעליף, דערמאָנט מיך אייב קליין, ווי אין 1916 האָט ער צוזאַמען מיט מאַקס הוירש (כשר יאַנקעלע'ס זוהן) און מייק בראָון (אַ גראָדזשיסקער, דעם גריצער מיכל ברוינ'ס אַ ברודער) צוזאַמען מיט אַ גרופּע לובי־טעליעס אויפגעפירט, אין מאַנהעטען לייסעאום אויף דער 4טער גאַס, יעקב גאָרדינ'ס דראַמאַ „דער אידישער קעניג ליר", עס איז געווען אַ באַר־בופעט און דער גאַנצער רוח פון אַ שיינע פאָר הונדערט דאָלאַר איז געגאַנגען פאַר דעם מאָגעלניצער רעליף.

ביי איינע פון די פאָרשטעלונגען פון אונזערע אַמאַטאָרען גרופּע אין וועלכע איך האָב געשפּילט „דער אידישער גלח", האָבען אויך מיט־געשפּילט די יונגע לייט, סעם גערטלער, מאַקס ווילנער און מאַקס ראָזענבלאַט. זיי זיינען איצט אַנערקענטע אַקטיאָרען אין ניו יאָרקער אידישען טעאַטער. נאָך יענער פאָרשטעלונג האָב איך פאַרבעטען די חברה צו אונז אין שטוב אַריין און די מאַמע האָט געשטעלט צום עסען און טרינקען. מען האָט מיר געמאַכט קאָמפּלימענטען, איך האָב זיך געפילט דערהויבען. ווער ווייס? אפשר וועל איך אַמאָל זיין אַ גרויסער אַקטיאָר. ווען אַלע זיינען אַוועק, זעה איך ווי די מאַמע שטייט אין אַ ווינקעל און וויינט. איך האָב זיך דערשראָקען געפרעגט דער מאַמען פאַרוואָס זי וויינט. האָבען זיך די טרערען ערשט אָנגע־

הויבען צו גיסען, און זי האָט מיר אַנטפּלעקט די אורזאַך פון איר גע־וויין. גאַנץ פּשוט, זי וויל נישט איך זאָל זיין אַן אַקטיאָר.

עס קען זיין, אַז דאָס טעאַטער האָט אפשר פאַרלוירען אין מיר א טאַלאַנט, צי איך וואָלט געוועזן אַן אַקטיאָר צי ניין, ווייס איך אויך נישט. אָבער, די מאַמע האָט געוויינט...

דאָן האָט מען פון שטעטל נישט מער געהערט, דער פּאָסט־פאַרקער איז אָבגעשטעלט געוואָרען ביז ביי א פאַרזאַמלונג, נאָך דער מלחמה שוין — דאָס איז געווען דעם 21טן יוני 1919 האָט דוד אבראַמאָוויטש (דוד חיים־אייזיק׳ס) געמאָלדען צו די מיטגלידער, אז מען קען שוין שרייבען בריף קיין מאָגעלניצע. ער האָט טאַקע געוויזן א בריף פון זיין ברודער לאָזער (לאָזער רויזע׳ס—פאַר וואָס מען האָט דוד׳ן גערופן דוד חיים־אייזיק׳ס און זיין ברודער לאָזער רויזע׳ס, נאָך זייער מוטער, איז אויך איינע פון די מאָגעלניצער געהיימנישען) אין דעם בריף האָט דער לאָזער אבראַמאָוויטש געשילדערט דאָס איבערלעבען פון די אידען אין צייט פון דער מלחמה. די מיטגלידער פון דער סאָסייעטע זיינען געווען אַזוי ווייט גערירט, אז מען האָט גלייך געשיקט צו דעם לאָזער רויזע׳ס 10 דאָלאַר, און מען האָט תיכף באַשלאָסען ווידער אויפצולעבען דעם רעליף.

אין באַלד דאָס זעלבע יאָהר, ביי א מיטינג (פאַרזאַמלונג) דעם 20טן סעפּטעמבער 1919, האָט דער טשערמאַן פון רעליף — יצחק מארקאָוויטש, באַריכטעט צו דער סאָסייעטע אַז ביים רעליף פאַר־זאַמלונג, פון 6טן סעפּטעמבער איז געזאַמעלט געוואָרען איבער 400 דאָלאַר און אויך דאָס געלט איז אַוועק־געשיקט געוואָרען קיין מאָ־געלניצע.

דאָס מאָל האָט מען אָבער שוין געשיקט דאָס געלד צו א גרע־סערן קאָמיטעט, אין וועלכען עס זיינען געווען פאַרטראָטען אַלע שאַ־טירונגען און פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס.

זייערע נעמען זיינען: —

**מאיר בראון,** פרעזעס פון דער ציוניסטישער מזרחיסטישער פּאַרטיי

**דוד מראָקס,** פון דער פאַרוואַלטונג

**וואָלף פליישער,** מיטגליד פון דער קהילה - ראַט

**שבח שיפּער,** באַוואוסטער מאָגעלניצער בעקער

**ישראל זונדער,** פאָרזיצער פון פאַראיין „השחר"

ישראל'קע מאַנעל, } פאָרשטייער פון דער אַרבעטער פאַרטיי
הערשל פרענקל,
יצחק ציגעלמאַן, פון שניידער פאַך

חיים גאָטפריד, פון שוסטער פאַך

יהושע הויפמאַן, קליין-הענדלער

ירחמיאל מאיר מרגלית, פון די אָרטאָדאָקסישע פאַרטיי

אליעזר אַבראַמאָוויטש, ראַטמאַן מיטגליד פון מאַגיסטראַט.

דער אויבנדערמאָנטער קאָמיטעט האָט אויטאָריזירט, אַז אַלע געלדער זאָלען געשיקט ווערן אויף די נעמען פון בלויז דריי פערזאָן, דאָס זיינען געווען: שבח שיפער, מאיר בראון און הערשל פרענקל.



## דער טאַטע טרייסט מיך, ווען איך גיי אַוועק אין דער אַרמע אין דער ערשטער וועלט־מלחמה.

אין 1917, ווען פּרעזידענט וואודראו ווילסאָן האָט דערקלערט קריג קעגן קייזער ווילהעלמ׳ס דייטשלאַנד, האָט מען איינגעפירט דעם ערשטען „דרעפט” אין אַמעריקע זייט דעם בירגער־קריג. אַלע אונ־פאַרהייראַטע יונגע־לייט אין עלטער פון 21 ביז 35 האָבען זיך געמוזט רעגיסטרירען, און פּונקט ווי אין מאַגעלניצע, זיך שטעלן צום „ליאָס”, איך בין דאַן אַלט געווען 22 יאָר און האָב נאַטירלאַך זיך רעגיסטרירט. איך האָב דאַן געאַרבעט אין דער אידישער צייטונג „דער טאָג” אַלס רעפּאָרטער און געהילפס־קאַרטוניסט.

דער טאַטע איז געווען אַ נאָכפאָלגער פון דער „יונגער” גרופּע אין אַרבעטער רינג, פון וועלכע דער נישט לאַנג פאַרשטאָרבענער וויליאַם עדלין, איז געווען דער פירער. ווען דער „טאָג” האָט זיך געגרינדעט אונטער דער לייטונג פון דעם אַמעריקאַנער־אידישען זשור־נאַליסט הערמאַן בערנשטיין, און וויליאַם עדלין איז געוואָרען דער פאַרוואַלטונגס־רעדאַקטאָר, איז דער טאַטע מיט מיר אַוועק צו עדלינען און דורך זיין רעקאָמענדאַציע בין איך געוואָרען אַ מיטאַרבעטער אין דער גרויסער אידישער צייטונג „דער טאָג” וואו איך האָב געאַרבעט ביז איך בין אוועק אין דער אַמעריקאַנער אַרמע.

איך בין שוין דאַן געווען מער ווי אַביסל פאַראינטערעסירט אין מאַליע פליישער, די טאָכטער פון מיין קאָזינע לאה און אברהמטשע פליישער, האָט די מאַמע מיר פאָרגעלייגט, אַז היות ווי זי זעהט, אַז מיר האָבען זיך ליב, איז אפשר וואָלט געווען אַ פלאַן מיר זאָלען חתונה האָבען. ווייל ווי געזאָגט האָט מען אין דער ערשטער וועלט־מלחמה נישט גענומען קיין פאַרהייראַטע אין דעם „דרעפט”, מיר האָבען אָבער נישט געוואָלט אויף אַזאַ אופן זיך פאַרבינדן, און עס

האָט אין מיר אַביסל געטליעט דער „פּראָ־פּאַטריאָ" צום נייעם היימ־לאַנד, אַמעריקע, און טראָץ מיין קליינעם געוואוקס און לייכטע וואָג, האָט מען מיך אָנגענומען אַלס סאָלדאַט.

געדענק איך דעם טאָג, ווען מען האָט מיך באַגלייט צו דער באַהן פון דעם פּענסילווייניאַ סטיישאָן (באַהן־וואָקזאַל), כמעט די גאַנצע מאָגעלניצער סאָסייעטע איז געקומען זיך געזעגענען מיט מיר. מיר מיטגעגעבן מתנות. די מאַמע האָט, ווי אַ מאַמע געוויינט. אָבער דער טאַטע האָט מיט אַ געמאַכטער בראַוואָדאָ מיך צוגעדריקט צו זיך און געזאָגט, איך זאָל נישט קיין מורא האָבען, אַלץ וועט זיך אויס־לאָזען צום גוטען.

א חוץ מיר, האָבען אין דער ערשטער וועלט־מלחמה איך גע־דינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמע די פּאָלגענדע מאָגעלניצער פון ניו יאָרק; איטשע און יאָסעל גוטמאַן (ישראל־לאַזער׳ס זוהן), סעם שוואַרץ (זיסעל דעם גרויסען יחיאל׳ס), און ישראל גאָלדבערג (קוצל׳ס זוהן), משה לעסקי (ישראל מענדל שניידער׳ס זוהן), און אַנדערע וועמענס נעמען איך געדענק נישט. אייניגע פון זיי האָבען אָנטייל גענומען אין די שלאַכטן אין פראַנקרייך. ישראל גאָלדבערג האָט געוואונען אַן אויסצייכנונג, ווען ער איז פאַרוואונדעט געוואָרען ביי שאַטאָ טיערי. אַ דאַנק דער אויסצייכנונג, האָט ער געקראָגן אַ דערלויבעניש צו עפּענען אַ געשעפט אין אַ באַשרענקטען געגענט אין דער שטאָט טשאַרלסטאָן סאַוט קאַראָליינאַ, וואו ער וואוינט נאָך עד היום, און וואו ער איז איינער פון די אָנגעזעהענסטע גע־שעפטס־לייט. צוליב מיינע צייכנונגס־פייאיגקייטן האָב איך אַזוי נושא־חן געווען ביי מיין עלטסטען — קאַפּיטאַן, אַז צוויי מאָל ווען מיין קאָמפּאַניע איז אַריבערגעשיקט געוואָרען קיין פראַנקרייך, האָט ער מיך צוריק געהאַלטען מיט זיך, ווייל ער איז געווען צו אַלט פאַר אייראָפּעאישער דינסט. אַזוי איז מקוים געוואָרען דעם טאַטענ׳ס ווערטער, אַז אַלץ וועט זיך אויסלאָזען צום גוטען. אגב, האָט מיך דער זעלבער קאַפּיטאַן דערהויבען צום ראַנג פון סאַרדזשענט פון קוואָ־דערמאַסטער קאָרפּוס.

צווישען דעם טאַטענ׳ס און אברהמטשע׳ס פריינט, וועלכע איך געדענק פון פּעטערסאָן, זיינען דער גריצער, חיים בליישעוויטץ: אלתר סקאָמסקי און דער קליינער יצחק גאָלדבערג. אָט דער גאָלדבערג, טראָץ דעם וואָס ער איז אַליין אַ לאָדזשער, איז אין זיינע יונגע יאָ־רען געווען זייער באַפריינדעט מיט אונזערע מאָגעלניצער לאַנדס־לייט. אין זיין מיטעלער יוגענט האָט ער פאַרלוירן זיין ראיה. דאָס האָט אָבער ניט געשטערט זיין ענערגיע, און ער איז נאָך איצט אַן אָנגעזעענער געשעפטסמאָן אין פּעטערסאָן.

## די סאָסייעטע פּראַווועט אַ באַנקעט לכבוד די מאַגנעלניצער סאָלדאַטען פון דער ערשטער וועלט־מלחמה

דעם 12טן אַפּריל 1919 האָט מען געפּראַוועט אַ 9 יאָריגען באַנקעט פון דער סאָסייעטע און די הויפּט מחתנים זיינען געווען: די מאַגנעלניצער יונגע־לייט, וועלכע האָבען געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמעע. דער באַנקעט איז פאָרגעקומען אין דער אַסטאָריאַ האַל אויף דער 4טער סטריט, וועלכע איז דאַמאָלס געווען אַן אַנגעזעהענער זאַל אויף דער איסט סייד. אַלס געוועזענער סאָלדאַט, בין איך אויך געווען איינער פון די ערען־געסט. די סאָסייעטע האָט אונז אַלעמען (די סאָלדאַטן) צוריק אַריינגענומען אַלס מיטגלידער, אָהן פּיזישע אונטערזוכונג ביים דאָקטאָר. די קאָנצעסיע איז געווען אַ פּשוט׳ע, דהיינו — אויב מיר זיינען געזונט געווען צו דינען אין דער אַרמעע, זיינען מיר גוט פאַר דער מאַגנעלניצער סאָסייעטע.

אַ סימן, אַז די שמחה איז געווען גאָר אַ געהויבענע, קאָן מען זעהן לויט דעם פּראָטאָקאָל פון דער פאַרזאַמלונג פון דעם 19טען אַפּריל 1919. דער פּראָטאָקאָל סעקרעטאַר, נייטן לעמבערגער, שרייבט צווישען אַנדערעס — „עס איז איינשטימיק באַשלאָסען געוואָרען די סאָסייעטע זאָל פּרעזענטירן די אַראַנדזשמענט קאָמיטע פון באַנקעט מיט צעהן דאָלאַר פאַר אַ „טריט" (גוליאַנקע) פאַר דעם דערפאָלג, וואָס זיי האָבען געמאַכט מיט׳ן באַנקעט.

דאָס זעלבע יאָר, דעם 6טן דעצעמבער 1919 האָב איך חתונה געהאַט מיט מיין קאָזינע לאה פליישער׳ס טאָכטער, מאַליע. אַזוי ווי איך בין געווען אַן אַקטיווער מיטגליד פון דער סאָסייעטע, און מיין טאַטע, ווי אויך מיין שווער אברהמטשע פליישער זיינען געווען גרינדער, האָט מען מיך, דעם חתן פּרעזענטירט מיט 25 דאָלאַר און די כלה מיט 15 דאָלאַר. דאָס איז געווען די גרעסטע חתונה מתנה, וואָס די סאָסייעטע האָט וועמען ווען עס איז געשאַנקען. נאָך אַ גרעסערער כבוד איז אונז צוגעטיילט געוואָרען, ווען מען האָט באַשלאָסען אָפּצולייגען די פאַרזאַמלונג פון 6טען דעצעמבער, ווייל אַלע באַאַמטע זיינען דעם אָוונט געווען מחותנים ביי דער חתונה פון די מאַרקאָוויטשעס און די פליישערס.

## מיר קריגען צוריק געלט פון מאָגעלניצע.

אן אינטערעסאַנטער פאַל איז פאָרגעקומען אין דעם זומער פון יאָהר 1920. ניסל פריד איז יענעם יאָהר אהיים געפאָרען, כדי אריי־בער צו ברייננגען זיין שוועסטער מיט איהר פאַמיליע קיין אמעריקע. די סאָסייעטע האָט אויסגענוצט די געלעגענהייט און מיטגעשיקט מיט ניסל'ען די סומע פון 325 דאָלאַר זיי אויסצוטיילען צו די מאָגעל־ניצער אָרימע לייט.

אין סעפּטעמבער פון זעלבען יאָהר איז ניסל צוריקגעקומען מיט זיין שוועסטער און איהר פאַמיליע און צוריק געבראַכט דעם פאַל־געגרדען באַריכט. איך ציטיר דעם פּראָטאָקאָל פון יענעם מיטינג, גע־שריבען פון דעם דאַמאָלסטיג פעהיגען פּראָטאָקאָל סעקרעטאַר, לואי האָפענגאַרטען.

— „ניסל פריד מעלדעט צו דעם מיטינג פון 18טן סעפּטעמבער 1920, אז פון די 325 דאָלאַר וואָס מיר האָבען מיט איהם מיט־גע־שיקט האָט ער געשטיצט מיט צעהן דאָלאַר פאַר קולטורעלע צוועקען, און מיט צעהן דאָלאַר האָט ער געשטיצט א נויט־ליידענדען מאָגעל־ניצער לאַנדסמאַן ביים נאָמען איטשע מעטש (גאָלדשטיין) — די איי־בעריגע 290 דאָלאַר האָט ער ליידער, דורך די טרויעריגע אומשטענדן נישט געקאָנט איבערגעבן, האָט ער דאָס געלט צוריק געבראַכט קיין ניו יאָרק און עס איבערגעגעבען דער סאָסייעטע".

די טרויעריגע אומשטענדן זיינען געווען די מיינונגס־ פאַרשי־דענקייטען פון די דאַן־עקזיסטירנדע פאַרטייען אין אונזער היים־שטעטעל.

אונזער סאָסייעטע האָט זיך אָבער נישט אָפּגעשטעלט, און ביים מיטינג פון דעם 16טן אָקטאָבער, דעם זעלבען יאָהר, האָט מען אוועק־געשיקט צו דער אַל־פּאַרטיי קאָמיטעט אין מאָגעלניצע 300 דאָלאַר, אָדער אויף דער דאַמאָלסטיגער פּוילישער וואַליוטע, 55 טויזנט 750 זלאָטי.

## אַ חלוקי־דעות צווישען אונזער סאָסייעטע און די קענזעס־סיטי׳ער לאַנדסלייט.

מיר זיינען אַנגעגאַנגען מיט אונזער רעליף אַרבייט. יאָר איין יאָר אויס האָבען מיר געשיקט אַהיים צו די אָרימע־לייט, די נויט באַדערפסטיגסטע, לויט אַ צעטל, וואָס די מאָגעלניצער קאָמיטעט האָט אונז יעדעס יאָהר צוגעשיקט.

האָט אָבער פּאַסירט, אַז אין מאָגעלניצע האָט זיך געגרינדעט אַ גמילת־חסד קאַסע אין יאָהר 1938. דער צוועק פון דער קאַסע איז געווען צו העלפען מיט קליינע הלוואות צו די קליין־הענדלער און איי־גענטימער פון וואַרשטאַטען, אויסצוצאָלען אויף קליינע ראַטעס.

אונזערע לאַנדסלייט פון קענזעס סיטי מיט די לערנערס און אברהם מערקער בראש, האָבען צו דער אָרגאַניזאַציע פון צייט צו צייט געשיקט אַ פּאָר הונדערט דאָלאַר און זיי אָנגעוויזען, אַז מיר אין ניו יאָרק זיינען אַ גרעסערע און רייכערע אָרגאַניזאַציע, ווי זייער מ. ב. ג. ב. פּאַראיין. (די ראשיי תבות מיינען מאָגעלניצער, בלענ־דעווער, גריצער, ביאַלער). אַגב, האָבען די באַאַמטע געזעהן, ווי מיר שיקען יעדעס יאָר פאַר די אָרימע־לייט צו 900 דאָלאַר, 1000 דאָלאַר און מעהר, האָבען זיי אָנגעהויבען אַפּעלירען און פאַרלאַנגען מיר זאָ־לען בעסער אונזער הילף שיקען צו זיי.

דאָס זעלבע האָט אונז געשריבען דער סעקרעטאַר פון דער ב. מ. ג. ב. — ב. כעלעמער, אַפילו דער ה׳ נחמיה גילמאַווסקי, דירעק־טאָר פון דער לאַנדסמאַנשאַפט דיוויזיע פון „דזשאָינט״, האָט אונז פאַרבעטען זיך דורכצוריידען וועגען דעם אופן, ווי אַזוי מיר זאָלען העלפען אונזערע לאַנדסלייט. אָט די פראַגע האָט אָפּט אַרויסגערופען פילע דעבאַטעס אין דער סאָסייעטע. אונזער קאָמיטעט, וועלכער איז

דאן באשטאנען פון יצחק מארקאוויטש, היימי גרינבערג, אברהמטשע פליישער, לואי ראפאפארט, נטע ווינטער און יוסף לעמבערגער זיינען באשטאנען אז אונזער אופן איז געווען דער בעסטער. די מאגעלניצער „ספולדזשעלניא קרעדיטאווא" האט אבער אונז אלץ פארגעווארפען, אז מיר זאלען אונזער רעליף איינגאנצען איבערשיקען צו זיי. אט איז זייערער א בריף פון סעפטעמבער 1938.

SPOLDZIELNIA KRTDYTOWA
w Mogielnicy k. Grojca
Mogelnica, dnia 25 December 1938r.

זעהר חשובע ברידער לאנדסלייט אין ניו יארק אמעריקע.

מיר פארשטייען נישט, פאר וואס איהר בעציהט אייך אזוי קאלט אויף אונזער ווענדונג צו אייך אין דער זעלבער צייט, וואס אונזערע לאנדסלייט אין קענזעס סיטי שטייען מיט אונז אין אן ענגען קאנטאקט, נישט נאר מיר דארפען זיך צו זיי ווענדען, נאר זיי שיקען אונז הילף און וועקען אונז צו דער ארבייט, און מיר האבען אייך שוין אין ערשטען בריף דערמאנט, אז א דאנק אונזערע ברידער אין קענזעס סיטי, וועלכע האבען אונז געשיקט א סומע געלט האבען מיר געהאט די מעגליכקייט אויף צו מאכען אן גמ"ח קאסע אין מאגעלניצע, וועלכע לינדערט א געוויסע טייל פון אונזערע ברידער אין מאגעלניצע, אבער מיר זיינען נישט אין שטאנד נאכצוקומען די פארלאנגען פון אלע אונזערע ארימע ברידער, א געוויסע טייל האבען מיר ארויסגעהאלפען מיט אונזערע גמ"ח הלוואות, וועלכע קענען זיך פיל ווייניג פארגרינגערן זייער שווערער לאגע. ליידער צו די גרויסע צאהל וועלכע שטייען נאך אונטער אונזער טיער מיט אויסגעשטרעקטע הענט נאך הילף, קאנען מיר נישט נאך קומען און דערפאר טאקע האבען אונזערע לאנדסלייט אין קענסעסציטי אונז געראטען, אז מיר זאלן זיך דירעקט ווענדען צו אייך, ווייל איר זענט (לויט ווי זיי שרייבען אונז) אן שטארקערע ארגאניזאציע, ווי די וועלכע אין קענסעסציטי און איהר קענט אונז געבען די מעגליכקייט נאכצוקומען אלע פארלאנגען פון אונזערע ארימע ברידער אין מאגעלניצע. מיר ווייסן, אז איהר שיקט יעדעס יאהר פיל געלט אין אונזער שטאט, אבער דאס איז אין פארם פון נדבות, דאס האבען פארשטאנען אונזערע לאנדסלייט אין קענסעסציטי אין גאר א פארקערטן פארם. ד. ה. אז זיי שיקען נישט אין פארם פון נדבות נאר אין פארם פון קאנסטרוקטיווע הילף, און ווי מיר זעהן זענען אונזערע לאנדסלייט אין קענסעסציטי גאנץ גערעכט דערמיט, ווייל אין דער זעלבער צייט,

וואָס איהר שיקט אַרויס צו אַ פּערזאָן די העכסטע סומע פון 5 דאָלאַר ד.ה. ביי אונז אומגעפעהר 25 זלאָטי, מיט די 25 זלאָטי, האָט ער אַ דורכצולעבען נישט מער אַ וואָך, נאָכער איז ער דער זעלבער אָרימאַן וואָס פריער. דאַגעגן ווען מיר גיבן דעם זעלבן אָרימאַן מינימום אַ הלוואה פון 100 זלאָטי, אָן פּראָצענט דאַן האָט ער די מעגליכקייט זיך צו העלפן אי אין וואַרשטאַט אי אין קליינהאַנדל, און ווען ער צאָהלט אָפּ די סומע אין קליינע ראַטעס, דאַן קריגט ער ווידער זיין הלוואה, דערמיט מאַכן מיר איהם נישט פאַר קיין שנאָרער נאָר פאַר אַ מענש, אַט אָט דאָס האָבען אונזערע ברידער אין קענסעסציטי גוט פאַרשטאַנען, אויך מיר אויפ׳ן אָרט מוזען פעסטשטעלען זייער גע־רעכטען פאַרלאַנג אין דעם געזונטן פאָרם. אין צוזאַמענהאַנג מיט׳ן אויבן דערמאָנטן האָבען מיר זיך שוין געווענדעט צו אייך איין מאָל לויטן אויפטראַג פון אונזערע ברידער אין קענסעסציטי, אַז אויך איהר זאָלט אייער גאַנצער אינערגיע וואָס איהר גיט אוועק פאַר אונ־זערע אָרימע ברידער אין מאָגעלניצע, זאָל אויך ווערען פאַרווענדעט אין פאָרם נישט פון נדבות נאָר אין קאָנסטרוקטיווע הילף, און דער־פאַר ווענדן מיר זיך דער עקזיסטירענדער קאָמיטעט פון דער גמ״ח קאַסע אין מאָגעלניצע, אַז איהר זאָלט זיך שטעלן מיט אונז אין קאָנ־טאַקט לויט דעם אָנגעוויזענעם אדרעס, מיר בעטן אייך נישט אויפ־האַלטן און ווי אַמשנעלסטן זיך שטעלן מיט אונז אין פאַרבינדונג, ווייל אייער הילף איז זעהר נויטיג.

און גאַנץ באַזונדער קאָנט איהר זיך דירעקט ווענדן צו אונזערע ברידער אין קענסעסציטי נאָך אינפאָרמאַציעס וועגן אונזער אַרבייט אויף דעם געביט.

מיר באַמערקן אייך, אַז אונזערע לאַנדסלייט אין קענסעסציטי האָבן צו דעלעגירט זייערע אָנגעוויזענע 3 פּערזאָן צו דעם געשאַ־פענעם קאָמיטעט, דאָס זעלבע קאָנט איהר אויך צו דעלעגירן אין אונ־זער צוזאַמענאַרבייט.

מיט באַגריסונג צייכענען מיר זיך:

פּרעזעס, בעריל שיינפאַרבער　　　　סעק. מ. לענ

קאָמיטעט מיטגלידער:

| | |
|---|---|
| אברהם מילשטיין | אברהם דייטשמאַן |
| ישראל פלאַנצער | יעקל פינקעלשטיין |
| שלום שלאַמבערג | יוסל ציגעלמאַן |

אַלס ענטפער, האָבען מיר זיך געווענדעט צו אונזער מאָגעל־ניצער קאָמיטעט, וועלכער איז באַשטאַנען הויפּטזעכליך פון עמך, און זיי אָנגעפרעגט צו מיר זאָלען ווייטער שיקען אונזער הילף צו יעדען יחיד באַזונדער, אָדער נאָכטאָן אונזערע לאַנדסלייט פון קענזעס סיטי. אויף ווי ווייט מיר האָבען געהאַט רעכט, וועט דינען דער פאָלגענדער בריף פון אונזער קאָמיטעט פון מאָגעלניצע.

## בריף פון לאַנדסלייט

ג׳ קאָמיטעט נאָך אונזער אַוועקשיקען אונזער ליסטע צו אייך זאָ איז נאָך צוגעקומען די עטליכע נויטיקע ד. ה. משה פעלדען 6 פערזאָן, יעקל מארדענפעלד היטעל מאַכער 2 פערזאָן, נחמן אַנעלע־וויטש 4 פערזאָן, פערל גראוואס 2 פערזאָן, רייזל ארטמאן 1 פערזאָן, פערל גרויסמאַן 4 פערזאָן, און דאָרט איז צוגעשטראָכען ד. ה. ניט צו שיקען פאַר נטע שפּרינגפעלד אויך נישט שיקען פאַר פייגא אַב־ראַמאָוויטש 1 פערזאָן, זי דאַרף נישט און צו שיקען פאַר די מענשען מעהר ווי אַלע ד. ה. פאַר ר׳ שלמה זלמן ער איז זעהר אָרים, ווייל ער זיינע פאַרדינסטען האָט זיך אויסגעלאָזט, חתונה איז אַ בלויזע חופּה און אַ איד אויף דער עלטער, אַ שלאָפער און האָט ביי זיך איינ־יקלעך וואָס דאַרפען טאָן שידוכים מיט זיי און האָט נישט די מעגליכקייט, אויך פאַר ר׳ יחיאל חיימאָוויטש מענדעל ריקאַלער׳ס אַ זוהן, אַ איד אויף דער עלטער אַ בלינדער ער קען גוט לערנען, אויך פאַר משה לערער לעמבערגער. יעצט מען האָט אונזער קאָמיטעט צוגערופען אין קאַסע געוויזען 2 ליסטעס פון אייך פון אַלע אַמעריקאַנער געבערס, אויך די מאָגעלניצער נעמערס, האָט דאָס געמאַכט זעהר אַ טאַרעראַם פון די מיטעלע אָרעמע, וואָס נעמען די שטיצע, וואָס האָבען געקראָגען געבאָרגט געלט אויסצוצאָלען אויף ראַטעס, היינט וויל מען זיי נישט געבען, אַלזאָ בעט מען אייך ניט צו שיקען קיין ליסטע עס שאַדענט די אָרימע, וואָס נעמען פּאָזשיצקעס אין קאַסע דאָס האָט מען ע״ה פון די מאָגעלניצער פון קענזעס סיטי.

אונזער פאַרוואַלטונג פון די קאַסע האָט געפאָדערט פון אונז, אַז מיר זאָלען באַשטעטיגען, אַז אונזער שטיצע זאָל געשיקט ווערן אונזער פולע סומע און צו גרינדען אַ גמילת חסד קאַסע, האָבען מיר זיי ערקלערט, אַז אונזער שטיצע איז פאַר נויטיגע, וואָס דאַרפען אויף פסח, ווען זיי באַקומען נישט איז אוממעגליך, אַז זיי זאָלען האָבען אויף פסח, אויך דער אָרעמאַן וואָלט פון זייער קאַסע ניט באַ־קומען, ווייל ער וואָלט נישט געהאַט צו צאָלען קיין ראַטע, דאַרף ניט ווערען געמאַכט אַ קאַסע מיט די אָרימע נויטיגע געלדער, וואָס מיר

באקומען פון אייך בני רחמנים די ברכות וואס די אָרימע לאנדסלייט ווינטשן אייך איז נישט צו באשרייבען, יעדן יאָהר אויך בעטן מיר אייך צו שיקען דאס געלט 8 טעג פאר פסח ד. ה. אזוי ווי ערב פסח קומט אוים מאָנטיק 3/4 זאל קומען מיט 8 טאָג פריער 18/3. אויב עס קומט מיט צוויי וואכען פריער ווערט דאס פארנוצט אויף אנדערע זאכען, אזוי ווי ביי אן אָרימאן און עס קומט די לעצטע טעג האט ער נישט אויף מצות און אז. וו. מיר ווינטשען אייך דאס פאָלקאָם געזונט און זכות פון די גרויסע מצוה, וואס דורך ענק האבען זיי אויף פסח, אויך פיל פאמיליעס האבען די 8 טעג שלום אין זייערע שטיבען מיט זייערע קינדער. זאָלען מיר אָלע האבען גוטע און גליקליכע יאָרען מים געזונד און ווייטער צו טאָן גוטץ, בפרט פאר אונזער פאָטער לאנד. א גרוס פאר אָלע.

צו שיקען אזוי ווי שטענדיג, יעדען אויף זיין נאָמען, אָלע זיינען צופרידען און מיר אויך, ווייל עס איז ערליך יעדער באקומט פינקט־ליך, אזוי ווי עץ שיקט זיי אין שטוב אריין.

ק אָ מ י ט ע ט

| | | |
|---|---|---|
| ישעה וואנדער, | יאָסקע ווינטער | אברהם פייפער |
| משה לעמבערגער | שלמה זלמן טענענבוים | משה סעליק. |



אָט איז א בריף פון דער פרזשיבעשעווער קהילה, געשיקט צו אונזער סאָסייעטע אין 1923. פארשטייט זיך, אז מיר האבען זייער אפיעל נישט געלאָזט פאלען אויף טויבע אויערן.

ב"ה

צו די אמעריקאנער אידען פון מאָגעלניצע !

חשובע אידען! מיר פרזיבישיווער אידען? אזוי ווי עס איז אייך באקאנט דאס פרזיבישיווער שטעטל לעבן מאָגעלניצע, 6 קילאָמעטער פון מאָגעלניצע. דאס שטעטל עקזעסטירט שוין עטליכע הונדערט יאָר מיט אידען, מיר האבען געלעבט מיט די ניט אידען זעהר באפריינ־דעט, מיר האבען געלעבט און חתונה געמאכט קינדער בשלום,

אַזוי ווי עס איז אייך באַקאַנט. מיר האָבן קיינמאָל ניט באַדאַרפען פון קיינעם ח״ו קיין שום לאַסקע, אדרבה מיר האָבען נאָך יענעם געגעבען, מיר האָבען געלעבט גאַנץ צופרידען, נאָר וואָס קען מען אָבער טאָהן? לעצטענס האָט זיך פאַרשפּרייט דאָס אַנטיסעמיטיזם און דער גלח בראש, און זיי האָבען אָנגעהויבען פּייניקען די עטליכענע פאַמיליעס אידען, דהיינו! זיי האָבען אויסגעהאַקט אַלע שויבען און טירען פון אַלע אידישע וואָהנונגען, דאָס איז געוועזען היינט צוויי יאָר צוריק, פּאָליציי איז געקומען, ווי לאַנג זיי זענען געוועזן, איז געווען שטיל, און דערנאָך האָט זיך ווייטער אָנגעהויבען דאָס זעלבע, און פון לייזן איז שוין נישט געוועזן וואָס צו ריידען, מען איז אַריין קיין מאָגעלניצע מען האָט אַרויסגעריסען פון די אידישע געוועלבער די קונים, מען האָט נישט געקאָנט אַרויסגעהן אויף די גאַס און מען האָט אַריינגעוואָרפען אין די אידישע וואָהנונגען 4 קילאָווע שטיינער און מען האָט אָנגעהויבען אַריינצוגיסן וויטריאָל אין די שטובן אַריין, איהר קאָנט אייך גאָר נישט פאָרשטעלן, ווי אַזוי מיר האָבען איבערגעלעבט דאָס יאָהר, אין דרויסען האָט מען אונז באַוואָרפען מיט שטיינער! אין די שטובען זיינען מיר מיט אונזערע פרויען און קינדער שיר געשטאָרבען פאַר שרעק און אימה, בקצור ווען אַלע הימלען זאָלען זיין פאַרמעט, און אַלע וואַסערן זאָלען זיין טינט, און אַלע בוימער זאָלען זיין פענעס, און אַלע מענשען זאָלען זיין שרייבערס, וועלען זיי נישט קאָנען באַשרייבען דאָס אומגליקליכע לעבען, וואָס די עטליכע פאַמיליעס האָבען איבערגעלעבט, דאָס יאָהר ביז מען האָט אַלע אידען אַרויסגעיאָגט אויף אַ מיאוסן אופן, דאָס גאַנצע שטעטל איז חרוב געוואָרען גלייך ווי עס וואָלט קיין מאָהל דאָרט קיין איד ניט געוואָהנט, ממש חרוב, אַ דאַנק דעם דזשאָינט מיט דעם הער גוטערמאַן בראש, זענען זעלבסט געקומען צו אונז צופאָהרען, און זיי האָבען אונז איינגעאָרדענט איטלעכען איינעם פון אונז אין אַ וואָהנונג אין מאָגעלניצע, מיר האָבען געלעבט דאָס יאָהר אין דחקות, געלויבט דער שי״ת דערפאַר, מיר האָבען קיינעם נישט צוגענומען, נאָר היינט איז שוין כלו כל הקיצין! דהינו! מיר האָבען נישט וואָס אָנצוטאָן, מיר זענען נאַקעט און באָרפוס, און מיר הונגערן מיט אונזערע פרויען און מיט אונזערע קליינע קינדער, אַלזאָ דערבאַרימטע אידען! דערבאַרימט זיך אויף אונז! און העלפט אונז אַרויס פון אונזער ענקשאַפט, די ניט אידען זאָלען נישט נעמען נקמה אויף די עטליכע פאַמיליעס, וואָס זיי האָבען אַרויסגעיאָגט, זאָלען ח״ו ניט שטאַרבן פאַר הונגער, איהר זענט דאָך אויך אידען רחמנים בני רחמנים. און דערבאַרעמט אייך אויף אונזערע פרויען

מיט אינזערע קליינע קינדער, און שיקט אונז הילף! מיר זאָלען נישט ח״ו איסשטאַרבען ביסלאַכווייס פאַר הונגער און קעלט. עס איז אייך דאָך באַקאַנט אונזער נביא ירמיה האָט געזאָגט טוב חללי חרב מחללי רעב. עס איז בעסער דער טויט פון אַ שווערד! ווי דער טויט פון הונגער, אַלזאָ חשובע אידען! לאָזט נישט אייערע ברידער פאַלען, נאָך דערצו מיר זענען דאָך פון אייער גליל, דאָס הייסט מאָגעלניצער, און דערבאַרעמט אייך וואָס שנעלער אונז אַרויסצוראַטעווען פון אונ־זער ענקשאַפט, דער הש״ית וועט אייך ממלא זיין און ער וועט אייך אַרויסהעלפען אַז איהר זאָלט קאָנען טאָן גוטץ, עס איז אייך באַקאַנט וואָס די תורה הקדושה זאָגט, כל המקים נפש אחת מישראל כאילו כל המקים כל התורה, אַז אַ מענש דערהאַלט ביי דעם לעבען איין איד, איז גלייך ווי ער וואָלט מקים געוועזען די גאַנצע תורה, וואָס קען מען נאָך זאָגן, אַז מען דערהאַלט 50 נפשות? וועט זיך אודאי הש״ית זיך מרחם זיין אויף אייך. און ער וועט אייך ממלא זיין פאַר דעם גוטץ וואָס איהר טוט אייערע ברידער אין פוילען. מיר עטליכע פאַמיליעס דאַנקען אייך פאָראויס מיט פיל באַגריסונג פאַר אייך.

מאיר דוב גראָוואָס,
מאיר יחיאל גראָוואָס,
יעקב יוסף בערענבוים,
אליעזר גראָוואָס,
שלמה בצלאל לעוונזאָהן,
חיים פעלדבערג,
הרשל האַכבערג.

Herring Market in Mogelnitza



דער הערינג־מאַרק.

## דער נאָמען שניצער ווערט באַרימט אין אַמעריקאַנער אידישן טעאַטער.

איך האָב שוין דערמאָנט, אַז די קינדער פון מרדכי שניצער האָבען געהאַט אַ שטאַרקע נייגונג צום טעאַטער. אַלע קינדער האָבען געהאַט שיינע שטימעס צום זינגען און זיי פלעגן אָפטמאָל זיך באַטייליקען אין טעאַטער־פאַרשטעלונגען פון אַמאַטאָרען־גרופּעס אין און אַרום ניו יאָרק. יצחק פינקעל, צוליב זיין קענטשאַפט אין שרייבען און לייענען, איז אָפט מאָל געווען זייער סופלאָר.

שפּעטער ווען זייערע געשעפטען האָבען זיי מער נישט דערלויבט זיך אָפּצוגעבען מיט טעאַטער, האָבען זיי דאָך פון צייט צו צייט נאָכגעפאָלגט דעם דראַנג נאָך אַ בעסערן אידישן טעאַטער. איבערהויפּט איז דאָס געווען דער פאַל מיט דעם עלטסטען זוהן, לואי. ער האָט מיטגעאַרבעט אין טאַטענ׳ס פאַבריק, און נאָך דער אַרבעט איז ער אַוועק צו דעם דאַמאָלסדיג עקזיסטירענדען „פּראָגרעסיוו דראַמאַטיק קלוב", וואו ער איז געווען אַ טיכטיקער מיטגליד. אָט דער דראַמאַטישער קלוב, וועלכער איז געווען אָנגעפירט פון דעם באַרימטען פּעדאַגאָג און ליבהאָבער פון בעסערען אידישען טעאַטער, יואל ענטין, האָט אין אַ קליינעם זאַל אויף מעדיסאָן סטריט, אויפגעפירט די בעסטע איין־אַקטערס און קליינע דראַמעס פון דעם אידישען קלאַסישען רעפּערטואַר. ער איז געווען דער ערשטער אַרויסצוברענגען פאַר׳ן ניו יאָרקער אידישען עולם די דראַמען און פאָלקס פּיעסען פון דעם דאַמאָלסט יונגען אָבער טאַלאַנטפולען שרייבער, פּרץ הירשביין. די טרופּע איז באַשטאַנען פון יונגע ענערגישע יונגע־מענער און פרויען וואָס האָבען געהאַט אַן אַמביציע פאַר׳ן בעסערען טעאַטער.

איינינגע מיטגלידער זיינען שפּעטער געוואָרען אָנערקענטע שוישפּילער אויף דער אידישער ביהנע. אין דעם קלאָב האָט זיך לואי שניצער באַקאַנט מיט דער יונגער טאַלאַנטפולער העריעטאַ שאַפּיראָ, וועלכע האָט דאַן געשפּילט די הויפּט־פרויען ראָלען אין פּיעסען פון י. ל. פּרץ, ד. ה. נאָמבערג, פּרץ הירשביין און אַנדערע. נאָך אַ קורצע צייט האָט יואל ענטין פאַרלוירען זיין גראַנד־דאַמע. די יונגע שיינע העריעטאַ שאַפּיראָ האָט חתונה געהאַט מיט לואי שניצער. די אידישע טעאַטער קריטיקער האָבען אויף אַזוי פיל געלויבט דער יונגער אַקטריסעס שפּילען און אַזעלכע אויפפירונגען ווי פּרץ׳ס „ביי נאַכט אויפן מאַרק"—„נאָך קבורה"—און אַנדערע ערענסטע ווערק. אַז אין יאָר 1917—1918 האָט לואי שניצער געעפענט דעם ערשטען אידישען קונסט טעאַטער אין ניו יאָרק אין דעם אַלטען מע־

דיסאָן סקווער גאַרדען אויף 27טע גאַס און לעקסינגטאָן עוועניו. זיין פּרײַ העגריעטאַ שניצער איז געווען די ערשטע צו שפּילען אויף ־ער ביהנע, פּינסקי׳ס „גאַברי און די פרויען״. שפּעטער האָט ער גע־בראַכט קיין אַמעריקע דעם גרויסען דייטש־אידישען טעאַטער די־רעקטאָר עמאַנועל רייכער, וועלכער האָט צוזאַמען מיט העגריעטאַ שניצער אויפגעטראָטען אין דוד פּינסקי׳ס גרויסען היסטאָרישען ספּעקטאַקל „דער שטומער משיח״, דאָס איז דוכט זיך געווען דאָס ערשטע און איינציקע מאָל, וואָס דער גרויסער דייטשער דירעקטאָר האָט געשפּילט אידיש טעאַטער.

Jack Charash, Louis Schnitzer, Ossyp Dymov and Leon Crystal,




לעאָן קרישטאָל, אָסיפּ דימאָוו, לואי שניצער און דזשעק כאַראַש ביי דער פּרעמיערע פון דימאָוו׳ס „בראָנקס עקספּרעס״.

דעם צווייטען סעזאָן האָט לואי שניצער צוריק געבראַכט קיין אַמעריקע דעם גרויסען וועלט־קינסטלער רודאָלף שילדקרויט, וועלכער האָט אויפגעפירט פּיעסען פון דעם בעסערען וועלטליכען רעפּערטואַר, מיט העגריעטאַן אַלס גראַנד דאַמע.

לואי שניצער איז אויך געווען דער ערשטער צו פּראָדוצירען הירשביין׳ס „די פּוסטע קרעטשמע״ און סווען לאַנגע׳ס „שמשון

און דלילה" באַארבעט אין אידיש פון לעאָן קרישטאַל. יעקב בן־עמי און הענריעטאַ שניצער האָבען געשפּילט די הויפּט ראָלען איןביידע אויפפירונגען.ביידע פּיעסען זיינען שפּעטער געשפּילט געוואָרען אין ענגליש אויף דער אַמעריקאַנער ביהנע, און וועלכע יעקב בן־עמי האָט זיך קונה שם געווען ביים ענגליש־שפּרעכענדען עולם.

Rudolph Schildkraut and Henrietta Schnitzer in Wm. Shakespear's "The Merchant of Venice."



הענריטאַ שניצער און רודאָלף שילדקרויט
אין וויליאַם שעקספּיר'ס „שיילאָק".

צוליב דעם וואוקס פון די מואווי־טעאַטערס, וואו לואי האָט געמוזט אָבגעבען מער צייט און ענערגי און צוליב אַנדערע סיבות האָט ער אויפגעגעבען דאָס קונסט טעאַטער, און צוריק אַריין מיט זיין פאַמיליע און העלפען פאַרוואַלטען די קינאָ־טעאַטערס, מיט וועלכע ער איז פאַרבונדען ביז היינט.

זיין פרוי הענריעטאַ שניצער, האָט אָבער פאָרגעזעצט איהר קאַריערע און זיך דערוואָרבען אַ גרויסען נאָמען אין אידישען טעאַטער. זי האָט געשפּילט מיט מאָרים שווארץ'ן אין אידישען קונסט טעאַטער עטליכע יאָר און אַליין גאַסטראָלירט מיט איהר טרופּע אין די גרעסטע שטעט פון אַמעריקע. לעצטענס גיט זי אָפּ איהר צייט אין טאַלאַנט צו דער אידיישער ראַדיאָ. זי האָט געמאַכט אַ גרויסען דערפאָלג אויף דער „פאָרווערטס" ראַדיאָ סטאַנציע „וו—אי—ווי—די" אין דער ערשטער אידישער ראַדיאָ סעריע „עני און בעני", וואו זי האָט געשפּילט „עני" צו נחום סטוטשקאָוו'ס „בעני". פאַר אונז מאָגעלניצער איז עס שטענדיג געווען אַ כבוד צו זעהן די אַנערקענטע קינסטלערין

צוזאַמען מיט די גאַנצע שניצער משפחה ביי אַלע אונזערע שמחות און אונטערנעמונגען, און מיר זיינען זיכער, אַז פּונקט, ווי זי איז צופרידען צו זיין אין דער משפחה פון קינסטלער, איז זי אויך צופרידען צו זיין אין דער משפחה פון דער מאַגעלניצער סאָסייעטע.

ווי שוין דערמאָנט איז רבקה, מרדכי שניצער׳ס ווייב געשטאָרבן זעהר יונג. זייענדיג געוואוינט צו פירען שטענדיג אַ באַלעבאַטיש לעבען האָט מרדכי, וועלכער איז נאָך דאַן געווען אין די מיטעל־יונגע יאָרען באַשלאָסען נאָך אַמאָל חתונה צו האָבען. געדענק איך אַמאָל קומענדיג צום טאַטען אויף אַ באַזוך, האָט מיר די מאַמע דער־ציילט, אַז מרדכי שניצער איז געווען ביי זיי מיט אַ יונגע פרוי, און זי פאָרגעשטעלט פאַר טאַטע־מאַמע, אַלס זיין צוקונפטיגע פרוי.

ער האָט געוואָלט, אַז דער טאַטע, זיין געוועזענער שותף און פריינט נאָך פון מאַגעלניצע, זאָל זעהן די פרוי, מיט וועלכער ער גייט צום צווייטען מאָל חתונה האָבען. אפנים דער טאַטע איז מסכים געווען, ווייל באַלד נאָך דעם אין יאָר 1914 האָט שניצער חתונה געהאַט מיט ראָזאַ (רחל) קוזמינסקי. אמת זי איז נישט געווען קיין מאַגעלניצער נאָר געשטאַמט פון דער אוקראַינע פון אַ שטאָט, וואָס האָט געקלונגען ענליך צו אונזער שטעטעל, — יאַרמאָלינעץ, און גע־שטאַמט האָט זי פון אַ יחוס׳דיגער משפחה. איר פאָטער איז געווען הרב אליעזר פון יאַרמאָלינעץ. אַ יאָר נאָך דער חתונה האָט זיין פרוי געבוירען אַ טאָכטער רעי (חיה־רצה), זי איז די איינציגע טאָכטער, שניצער׳ס פון אָט דער צווייטער ווייב. צוליב דער צווייטער מרס. שניצער, איז מרדכי טאַקע אריינגעצויגען געוואָרען אין קהל׳שער אַרבייט. ער האָט געהאָלפען בויען די נייע ניו לאָטס תלמוד־תורה, אין דעם געגענט וואו ער האָט געוואוינט, און ער איז ביז זיינע לעצ־טע טעג טאַקע געווען פּרעזידענט פון אָט דער שיינער שול און תלמוד תורה. אויך זיין ווייב ראָזאַ, איז געווען די פרעזידענטין פון דער פרויען אָקזילערי פון דער תלמוד תורה, און פּרעזידענטין פון דער יאַרמאָלינעצער ליידיס סאָסייעטע. זי איז אויך געווען אַקטיוו אין דער הדסה אָרגאַניזאַציע און אַנדערע אידישע פרויען אָרגאַניזאַציעס פון ניו יאָרק.

טראָץ זיין נעמען אַזוי פיל אַנטייל אין די פאַרשידענע צדקה קאַמפּאַניעס פון זיין שוהל און אַנדערע אַקטיוויטעטען האָט אים שטענדיג געצויגען צו זיינע לאַנדסלייט און ווען ער איז נאָך אַקור־צער קראַנקהייט געשטאָרבען אין יאָר 1941 אין עלטער פון 75 יאָר, האָט ער איבערגעלאָזט אַ צוואה, אין וועלכער ער האָט אויסגעדריקט אַ פאַרלאַנג, אַז זיין געביין זאָל באַערדיקט ווערען אויפן בית עולם,

Rose Schnitzer



ראזאַ שניצער

Edward M. Schnitzer



עדוואַרד מ. שניצער

פון זיינע אייגענע לאַנדסלייט, פון דער מאַגעלניצער סאָסייעטי, זיין וואונש איז מקוים געוואָרען.

זיין אלמנה, וועלכע האָט געוואוינט מיט איר איינציגער טאָכטער רעי, אויך שוין אַ מאַמע, אין שניצער'ס הויז אין בראָנזוויל, האָט קיינמאָל ניט פאַרגעסן איר מאַנ'ס לאַנדסלייט, און צו יעדער רעליף קאַמפּאַניע צו־געשיקט אַ ביישטייערונג. אין יאָר 1946 איז זי פּלוצלינג קראַנק גע־וואָרן און געשטאָרבן. אין עלטער פון 67 יאָר. אויך זי איז באַערדיגט גע־וואָרן אויף דעם בית עולם פון דער מאַגעלניצער סאָסייעטע.

נאָך אַן אומדערוואַרטעטער פאַר־לוסט אין דער שניצער פאַמיליע איז פאָרגעקומען, בשעת מיר האָבן גע־האַלטן אין צוגרייטן דעם בוך. דעם 3טן פעברואַר 1950 איז פּלוצים געשטאָר־בען מרדכי שניצער'ס אינגסטער זוהן, עדוואַרד מ. (פּסח־משה) אין עלטער פון 54 יאָר. עדוואַרד איז געווען אַ דירעק־טאָר פון דער גרויסער אַמעריקאַנער פילם־אָרגאַניזאַציע „יונייטעד אַר־טיסטס". זיין פריצייטיגער טויט האָט אַרויסגערופן אַן אומגעהייערן טרויער, ניט בלויז ביי זיין פאַמיליע און ביי אַלע לאַנדסלייט, נאָר אויך אין דער גאַנצער פילם־אינדוסטריע. צווישן די אבלים ביי זיין לויה זיינען געווען פאַר־טרעטער פון די גרעסטע מואווי קאָמ־פּאַניעס פון אַמעריקאַ. די אייגענטי־מערין פון דער פירמע "יונייטעד אַרטיסטס". די באַליבטע אַמעריקאַנער מואווי קעניגין, מערי פּיק־פאָרד, איז ספּעציעל געקומען צו פליען פון האָליוואָוד צו פאַרגיסען אַ טרער אויף דעם פריצייטיגען טויט פון אונזער מאָגעלניצער געבוי־רענעם לאַנדסמאַן. דער פאַרשטאָרבענער האָט איבערגעלאָזט אַן אלמנה, צוויי טעכטער אַ זוהן און אייניקלעך.

## דער טאַטע גיט אויף דעם שאַפּ נאָך 25 יאָר.

אַרום דעם יאָר 1930, האָט דער טאַטע באַשלאָסען, אַז עס איז צייט פֿאַר איהם צו פֿאַרלאָזען די מאַשין, ביי וועלכער ער האָט אָבגעאַרבייט גענויע 25 יאָהר. איינע פֿון די סיבות, פֿאַר וואָס ער האָט דאָס געטאָן איז געווען ווייל פֿאַר אומגעפֿער 15 יאָר צייט האָט ער געאַרבעט אונטער דער לייטונג פֿון דעם פֿאָרמאַן הענרי היטער. ער איז מיט זיין פֿאָרמאַן געווען זעהר פֿריינטליך און אַלס שאַפּ־טשערמאַן איז דעם טאַטען שטענדיג געלונגען צו קריגען דורך דעם פֿאָרמאַן אַלע פֿאָדערונגען לטובת די אַרבייטער וואָס די יוניאָן (אַמאַלגאַמייטעד) האָט פֿארלאַנגט.

דער פֿאָרמאַן מר. היטער פֿלעגט זיך באַקלאָגען פֿאַר'ן טאַטען, אַז ער האָט עגמת נפש פֿון זיין עלטסטן זוהן „געבי", אַ געענדיגטער אַדוואָקאַט, נאָר וואָס מאַכט קוים אַ לעבען. דעם „געבי" האָב איך שפּעטער געטראָפֿען אַלס אָנגעשטעלטער אין „טאָג" אַלס רעקלאַמע־אַגענט. זיין שווער, דער דאַמאָלסדיגער באַוואוסטער זשורנאַליסט און עדיטאָריעל־שרייבער ד. מ. הערמאַלין, האָט מיט זיין איידעם שטאָלצירט. צו דעם 10 יאָריגען יובל פֿון דעם „טאָג" האָט „געבי", מיט זיין כוח הדבור איבערצייגט די גרויסע דופּאָנט פֿולווער געזעלשאַפֿט, אַז זיי מוזן אַריינשטעלען גאַנצע זייטן רעקלאַמע פֿאַר אַ פּאָר טויזענט טאָלער אין דער אידישער צייטונג „טאָג". אָט דער „געבי" איז איצט דער באַוואוסטער אַמעריקאַנער ראַדיאָקאָמענטאַטאָר געבריעל (גבריאל) היטער.

די ערשטע פּאָר חדשים האָט דער טאַטע זיך אָפּגערוט, אָבער ער האָט נישט געוואָלט זיצען ליידיג, און ער איז אויך געוואָרען אַ געשעפֿטסמאַן. ער האָט געעפֿענט אַ סטעישאָנערי און סאָדאַ געשעפֿט אין דעם האַרלעם געגנט פֿון ניו יאָרק. פֿאַרדינט אַביסל געלט און פֿון דאָרט זיך אַריבערגעצויגען צוריק אין דער בראָנקס און געקויפֿט אַ

גרעסער געשעפט, און אזוי פלעגט ער מיט דער הילף פון דער מאַמען, שטיין און אַרבייטן די לאַנגע אַרבייטס־שטונדען, וואָס אַזאַ געשעפט פאָדערט, ווייטער מאַכען אַביסל געלט, פאַרקויפען און קויפען אַ נייע און גרעסער געשעפט. וויפיל מיר קינדער האָבען גע׳טענה׳ט מיט זיי, אַז זיי דאַרפען נישט אַרבעטען אַזוי שווער פאַר זיך אַליין. מיר זיינען שוין דאַן אַלע געווען פאַרהייראַטע מיט אייגענע פאַמיליעס. עס האָט נישט געהאָלפען, ער וויל, פלעגט ער זאָגען, זיין אַקטיוו ביז זיינע לעצטע יאָרען. ער וואָלט עס באַוויזען, ווען נייט צוויי גרויסע פאַר־לוסטען אין אונזער נאָענטער משפחה.

אין 1927, איז אונזער איינציקע שוועסטער׳ס קינד, שוירלי (שבע), טאַטע־מאַמעס ערשטע אייניקל, אין אַן אומגליקספאַל איבער־געפאָרען געוואָרען פון אַ פאָליציימאַן אין דער בראָנקס. מען האָט דאָס קינד געכאַפט אין שפיטאָל, אָבער אויפ׳ן וועג האָט זי אויסגעהויכט איר יונג נשמה׳לע. זי איז דאַן קוים 10 יאָר אַלט געווען.

דער קלאַפּ איז געווען דער ערשטער וואָס האָט געלאָזט זיין שטעמפל אויף אונזער גאַנצער משפחה, אָבער ווי עס ווייזט אויס, צום שטאַרקסטען אויף אונזער טאַטע־מאַמע. זייער געזונט איז פון דאַן אָן געוואָרען וואָס מער אָבגעשוואַכט, אָבער מיט 10 יאָר שפּע־טער אין אַגוסט 1938 האָבען זיי געליטען נאָך זעהר אַ שטאַרקען קלאַפּ. אונזער אינגערער ברודער איבי (אַברהם זוסמאַן), דער פּיזיש שטאַרקסטער פון אונז דריי זיהן, וועמען דער טאַטע האָט אַריינגע־נומען אין דער אַמאַלגעמייטעד יוניאָן, און וועלכער האָט געאַרבעט ביי אַ גרויסער קליידער פירמע, איז פּלוצים קראַנק געוואָרען אויף אַן ערנסטע נירען־קראַנקהייט, און פּונקט זעקס חדשים נאָך דער בר־מצוה פון זיין עלטערען זוהן מילטאָן, איז ער געשטאָרבען אין דעם 40טען יאָר פון זיין לעבען. ער האָט איבערגעלאָזט אַן אַלמנה צילי און צוויי זיהן מילטאָן און האַרווי (הערשל) 13 און אַ האַלב און 9 יאָר אַלט.

אָט דער נייער קלאַפּ האָט געפירט דערצו, אַז דער טאַטע האָט דעם זעלבען יאָר געליטען זיין ערשטע האַרץ־אַטאַקע. די מאַמע איז אויך שוין דאַן געווען אַ שטאַרק דערשלאָגענע.

נאָך דעם איז שוין קיין פראַגע נישט געווען וועגען אַרבייטען, און מיר האָבען גע׳פועלט דער טאַטע זאָל אויפגעבען זיינע געשעפטען, פאַרקויפען די סטיישאָנערי־סטאָר (פּאַפּיר און סאָדע געוועלב) און זאָל רוהען און זיך אָבהיטען דאָס געזונט.

פאַר אַ צייט איז דער טאַטע געווען באַשעפטיגט אין אונזער דרוקעריי, ער פלעגט זיך אָבגעבען מיט אַרום פאָרען צו די אידישע טעאַטער מענשען, פאַר וועלכע מיר פלעגן דרוקען אַלע זייערע אפּי־שען און פּראָגראַמען און אַנדערע רעקלאַמעס, נעמען באַשטעלונגען, איינמאַנען חובות וכדומה.

עס איז ווערט צו דערמאָנען, אַז מיט דער אַרבעט פלעגן אָפּט־מאָל פאָרקומען אינצידענטען, וואָס האָבען געהאַט זייערע קאָמישע און ערנסטע זייטען.. די טעאַטער מענשען האָבען אַלע דעם טאַטען געאַכטעט און רעספּעקטירט, און דער טאַטע איז אויך געווען אַ ליב־האָבער פון אידישען טעאַטער. ער האָט אָפטמאָל ליב געהאַט צו דער־ציילען וועגען זיינע גרינע יאָרען, ווען ער מיט זיין פריינד לייבוש ראַפּאַפּאָרט זיינען כמעט יעדע נאַכט געגאַנגען אין אידישען טעאַטער. דאַן איז עס געווען די גאָלדענע עפּאָכע פון אידישען טעאַטער. יעקב גאָרדין איז דאַן נאָך געווען אין זיינע בליענדע יאָרען. אברהם גאָלד־פאַדען, שוין אין די עלטערע יאָרען, האָט דאַן געוואוינט אויף פאָר־סייט און ריווינגטאָן סטריט, איין גאַס אַוועק פון אונזער היים אויף עלדרידזש סטריט. איך פלעג אָפטמאָל פאַרנאַכט מיט'ן טאַטען פאַר־בייגיין דאָס הויז וואו דער גרינדער פון אידישען טעאַטער איז גע־זעסען מיט זיין פרוי און דער טאַטע האָט מיר אָנגעוויזען, זעהסט אָט דעם אַלטען מאַן מיט'ן שפּיציקן בערדל, דאָס איז אברהם גאָלד־פאַדען, דער וואָס האָט געשריבען שולמית און בר־כוכבא. דער טאַטע האָט אויך געזעהן די פּרעמיערעס פון כמעט אַלע גאָרדין פּיעסען. עס איז געווען די צייט ווען אַדלער, קעסלער, טאָמאַשעפסקי און קעני ליפּצין האָבען געקיניגט אויף דער אַמעריקאַנער אידישער בינע. איז ווען עס פלעגט ארויפקומען אין דער דרוקעריי, ווער פון די אינגערע אַקטיאָרען מענעדזשערס און זיי האָבען זיך גענומען גרויסען מיט זייערע שוישפּילער פעאיגקייטען, און געבעטען דעם טאַטען ער זאָל זיי קומען זעהן שפּילען אַ שיילאָק אָדער אַ אידישען קעניג ליר, האָט ער זיי גלייך דערלאַנגט אַ גאָב. — מיסטער איר גייט מיך איבער־ראַשען מיט אייער טאַלאַנט? איך האָב געזעהן אַדלערן, קעסלערן און מאָשקאָוויטשען אין זייערע בעסטע ראָלען, מיינט איר אַז איך וועל קענען איינזיצען און אייך זעהן שפּילען טעאַטער? וויפיל איך האָב זיך ביים טאַטען געבעטען, אַז ער'ט מיר קאַליע מאַכען די ביזנעס (געשעפט) מיט זיין אָפענהערציקייט. עס האָט אָבער גאָר נישט געהאָלפען. זאָלען זיי געהן צו אַלדע גוטע יאָר, פלעגט ער זאָגען, מיט זייער גדלות. אינדערהיים וואָלטען זיי געווען גוטע בייגל־בעקער און דאָ זיינען זיי סטאַרס (שטערן).

## ראַפּאַפּאָרט ווערט אַ בעקער באַלעבאָס מיט זיין איידעם.

אויך לייבוש ראַפּאַפּאָרט האָט איינגעזעהן, אַז עס איז נישט קיין תכלית צו בלייבען אַרבעטען אין שאַפּ ביי דער מאַשין, און ווען זיין עלטסטע טאָכטער וויטל האָט חתונה געהאַט מיט יאָסל פליישער, האָבען זיי בשותפות געעפענט אַ גרויסע בעקעריי אין דער בראָנקס. יאָסל פליישער, איז געווען אַ דערפאַרענער בעקער פון דערהיים, און לייבוש פלעגט צוהעלפן אַלס „סעילסמאַן" (פאַרקויפער) בשעת זיין איידעם האָט פאַרוואַלטעט אין דער בעקעריי.

די געשעפטן זיינען אַוועק גאַנץ נישקשה און די פירמע איז גע־ווען באַוואוסט אונטער דעם נאָמען „פליישער און ראַפּאַפּאָרט". אויף די עלטערע יאָרן האָט ראַפּאַפּאָרט צוליב זיין אָבגעשוואַכטן געזונט, זיך צוריק געקערט פון געשעפט, און די בעקעריי אונטער זיין איידעמ'ס נאָמען עקזיסטירט נאָך עד היום, אין די בראָנקס, אַ גרויסע סעקציע פון ניו יאָרקער אידישען קוואַרטאַל.

## די ראַפּאַפּאָרטס גאָלדענע חתונה.

אין יאָר 1934, האָבן לייבוש ראַפּאַפּאָרט'ס קינדער געפּראַוועט די גאָלדענע חתונה פון זייערע עלטערן. דאָס איז געווען איינע פון די שעהנסטע שמחות, וואָס די ניו יאָרקער מאָגעלניצער לאַנדסלייט האָבן ווען געזען, זיינע קינדער האָבן אַלץ אַראַנזשירט ביד רהבה און לייבוש האָט געזעהן, אַז כמעט אַלע מאָגעלניצער פון ניו יאָרק זאָלען זיך באַטייליגען און מיטפרייען מיט זיינע נאָהענסטע. עס איז געפּראַוועט געוואָרען אַן אמת'ע גאָלדענע חופּה, מיט אַ חזן און משוררים און די לאַנדסלייט זיינען געווען די הויפּט מהותנים. דורך זיינע קינדער האָט מען מודיע געווען וועגן אָט דער חתונה אפילו קיין וואַשינגטאָן, און די גאַנצע משפּחה, ווי אויך אַלע לאַנדסלייט זיינען געווען, איבערראַשט ווען מען האָט זיך דערוואוסט, אַז אונזער גרוי־סער פּרעזידענט, אונזער הומאַניטאַרישער פרענקלין ד. רוזוועלט, האָט געשיקט אַ באַגריסונגס־בריף צו אונזערע לאַנדסלייט לייבוש און ריווע ראַפּאַפּאָרט, צו זייער גאָלדענעם יובל.

די גאָלדענע חתונה פון לייבוש און ריווע ראפּאפּאָרט אין 1934



**GOLDEN WEDDING ANNIVERSARY OF MR. & MRS. LOUIS RAPPOPORT IN 1934**

(Seated left to right): Irving and Ella Klein, Joe and Violet Fleisher, Rive and Luis Rappaport, Rose and Morris Libert, Mollie and Jack Fried. (Second row): Morris Rappaport, Sam and Elsie Rappaport, Jack and Anna Forman, Adelaide Libert, Nellie and Sam Goldman. (Top row): Herbert Fleisher, Herbert Libert and Morton Fried. The grandchildren in foreground are Elinore and Leonard Rappaport, Stanley Klein, Gilda and Kenneth Fried.

President Franklin D. Roosevelt greets the Rappaports at their Golden Wedding Anniversary.

THE WHITE HOUSE
WASHINGTON

February 14, 1934.

My dear Mr. and Mrs. Rappaport:

I am delighted to learn that on February eleventh you celebrated the Fiftieth Anniversary of your wedding. It is a pleasure to send you my congratulations and very best wishes for your future happiness and welfare.

Very sincerely yours,

Franklin D. Roosevelt

Mr. and Mrs. Louis Rappaport,
1441 Bryant Avenue,
Bronx,
New York.

כאָטש ער איז, ווי מיר האָבען שוין דערמאָנט, צוליב זיין געזונד־צושטאַנד, געווען צוריק־געצויגן פון זיין אַרבעט, פלעגט ראַפּאַפּאָרט פון צייט צו צייט קומען צו אַ מיטינג, אָדער באַנקעט פון די לאַנדסלייט, פאַרברענגען מיט אונז און זיך פרייען, וואָס מען זעהט זיך. מיר זיינען אָבער אַלע שטאַרק דערשלאָגען געוואָרען, ווען זיין ליבע פרוי ריווע, איז פלוצלינג נאָך אַ קורצער קראַנקהייט, געשטאָרבן דעם 6טן פעברואַר 1941 אין עלטער פון 75 יאָר. לייבוש ראַפּאַפּאָרט איז געבליבן אַליין. אמת, אַז זיינע געטרייע קינדער און איידעמס האָבען געטאָן אַלץ, ער זאָל זיין מיט זיי, און אַכטונג געגעבן עס זאָל איהם גאָר נישט פעהלען, אָבער איין זאַך האָבען זיי ניט געקענט איהם צוריק געבען, זיין לעבענס־באַגלייטערין, זייער ליבע מוטער. אויך ער האָט אָנגעהויבן צו פילען עלענד און איינזאַם און מיט דריי יאָר שפּעטער אין חודש יאַנואַר 1944, איז לייבוש ראַפּאַפּאָרט געשטאָרבען, אין עלטער פון 78 יאָר.

ביידע זיינען באַערדיגט אויף דעם בית־עולם פון דער מאָגעלניצער סאָסייעטע אין ניו יאָרק.

**מאַגעלניצער אין דער צווייטער וועלט־מלחמה — דער איינ־ציגער קרבן פון אונזערע לאַנדסלייט — לואי בעל.**

אין דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָבען די זיהן און איידעמס פון מאַגעלניצער לאַנדסלייט אין אַמעריקע דערגרייכט נאָ־הענט דריי הונדערט סאָל־דאַטען. דאָס איז אַריינגערע־כענט די קינדער פון לאַנדס־לייט אין ניו יאָרק, טשאַרל־סטאָן און קענזעס סיטי.

Pvt. 1st Class Louis Bell



לואי בעל.

גליקליכער פאַל זיינען אַלע צוריק געקומען בשלום, אַלע, א חוץ איינער, דאָס איז דער יונגער אַמעריקאַנער גע־בוירענער לואי בעל, א זוהן פון אונזער לאַנדסמאַן חיים בעל (פון דערהיים בעלמאַ־כער, יזשבאָק׳ס זוהן), אין דעם לעצטן יאָר פון קריג איז ער געבאַך געפאַלן אַלס קרבן פון א יאַפּאַנעזישען אָנפאַל אין סאַיפּאַן אויף די פּאַסיפישע אינזלען. ער איז אינגאַנצן אַלט געווען א יאָר 26, און איז באַערדיגט געוואָרען אויף דעם אַמע־ריקאַנער מיליטערישען בית־עולם אין יאַפּאַן. שפּעטער האָט די רע־גירונג, אויפן פאַרלאַנג פון דער פאַמיליע באַשלאָסען אַהיים צו שיקען קיין ניו יאָרק דעם געפאַלענעם סאָלדאַט, צו באַערדיגען אין די פאַר־איינינגטע שטאַטען. די מאַגעלניצער אָרגאַניזאַציע, האָט איינשטימיג באַשלאָסן אָבצוגעבען א בכבוד׳יגען קבר פאַר אונזער העלד אויף דעם מאַגעלניצער בית־עולם אין ניו יאָרק.

אין 1945 האָט די מאַגעלניצער אָרגאַניזאַציע, אין זיין אָנדענק, באַטייטיגט דער יערלעכער קאַמפּאַניע צו זאַמלען געלד פאַר אונזערע פליטים „דער לואי בעל רעליף דרייוו״, אין זיין נאָמען איז געקליבען געוואָרען איבער 2500 דאָלאַר. דאָס געלט איז ווי יעדעס יאָר באַ־נוצט געוואָרען צו העלפן די מאַגעלניצער פליטים, די דזשאָינט דיס־טריביושאַן קאָמיטעט, די הסתדרות פאַר ארץ ישראל, די „האיאַס״, און אַנדערע נויט־באַדערפטיגע אָרגאַניזאַציעס.

## דערפרייענדע נייעס וועגען ארץ־ישראל.

דרוך דער צייט פון צווישען דער ערשטער און צווייטער וועלט־מלחמה האָבען מיר אָפט געהערט, אַז אַ צאָל אידען פון אונזער היים שטעטל זיינען אַוועקגעפאָרען און זיך באַזעצט אין ארץ ישראל. מער פּרטים פון אַט דער אויסוואַנדערונג, האָבען מיר זיך דערוואוסט פון אונזער וואַנדערענדיגען לאַנדסמאַן, מיין חדר־חבר גבריאל וויינגארטען (וויינגאַרטען). אַט דער גבריאל ווען איך געדענק נאָך פון דער־היים אַלס פרימעט דער טעפּערינ׳ס אַן אייניקל איז ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען אַ תושב אין דער שווייץ. ער האָט דאָרט גע־אַרבעט און געהאַנדעלט און געווען מער ווייניג אין אַ גוטער לאַגע, אָבער דער וואַנדערלוסט האָט איהם נישט געלאָזט רוהען, און ער האָט זיך אַרויסגעלאָזט אין די מרחקים, ער האָט אַרומגערייזט איבער במעט אַ האַלבען ערד־קוגעל. ער איז געווען אין דייטשלאַנד, פראַנקרייך אין אַלע גרויסע שטעט פון אייראָפּאַ ביז זיד־אַמעריקא עגיפּטען און ארץ־ישראל.

THE OLD SYNAGOGUE IN MOGELNITZA



די מאָגעלניצער שוהל.

קומענדיק קיין ניו יאָרק אין יאָהר 1926 נאָך דעם ווי ער איז געזעסן אַ פּאָר יאָר אין ארץ־ ישראל האָט ער אונז איבערגעגעבן גרוסן פֿון איייניגע מאָגעלניצער, וועלכע וואוינען אין די גרעסערע שטעט פֿון ארץ, ווי תל־אָביב און חיפה. ער האָט אונדז דערציילט פֿון זיין פֿעטער שמואל זונדער און זיין זוהן ישראל, ער האָט מיר איבערגעגעבן אַ גרוס פֿון מיין פֿעטער ישראל רעכטשיידס עטליכע זיהן, און פֿון אַנדערע מאָגעלניצער, וועלכע העלפֿען אין דער אַרבעט פֿון אויפֿבויען אונדזער היימלאַנד.

אַן אַנגענאַמע איבערראַשונג פֿאַר אונדז איז אָבער געווען, ווען אין יאָר 1945 האָבען מיר, די מאָגעלניצער סאָסייעטע אין ניו יאָרק, דערהאַלטען פֿון ישראל זונדער׳ן אַ בריף מיט באַריכטען וועגען צוויי גרויסע פֿאַרזאַמלונגען, וועלכע זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין די שטעט תל־אָביב און חיפה פֿון דעם „ארגון עולי מוגלניצה בארץ ישראל", אויף וועלכע עס איז באַהאַנדעלט געוואָרען די פֿראַגען ווי אַזוי זיי קענען העלפֿען די מאָגעלניצער פּליטים זיך אַרויסראַטעווען פֿון די קאַצעטען, און זיי העלפֿען אויסוואַנדערען קיין ארץ־ישראל.

ער האָט אונדז אויך געשיקט די גרופּן־פֿאָטאָגראַפֿיעס, מיט די נעמען פֿון די וואָס וואוינען אין תל־אָביב און פֿון די וואָס לעבען אין היפה, עס האָט אונדז געפֿרייט צו לערנען אַז דער תל־אָביב׳ער צווייג מאָגעלניצער, באַטרעפֿט העכער הונדערט משפּחות און די חיפה׳ער נאָהענט פֿון הונדערט. מיר האָבען זיי גלייך געשיקט אַביסל געלט, נאַטירליך נישט אַזוי פֿיל ווי מיר וואָלטען געוואָלט שיקען, ווייל אונדזער הויפּט רעליף גייט אַלץ צו דער דזשאָינט און צו אונזערע אייגענע אין די „די—פּי" קעמפּס, נאָר מיר האָפֿען, אז ווען זערע אייגענע אין די „די־פּי" קעמפּס, נאָר מיר האָפֿען אויך צו העלפֿען אויף ווי ווייט מיר וועלען קענען אונזערע לאַנדסלייט אין היילּיגען לאַנד.

איך וויל זיך באַזונדערס אָבשטעלען אויף דעם נאָמען ישראל זונדער. איך געדענק, אַז ווען דער טאַטע האָט מיך אַריינגעצויגען אין דער רעליף אַרבעט, צוזאַמען מיט אונזערע אַנדערע טעטיקע מיטגלידער, האָב איך באַמערקט, אַז אין דער אַלגעמיינער קאָמיטעט, צו וועלכע מיר האָבען יעדעס יאָר געשיקט געלט קיין מאָגעלניצע פֿאַר מעות־חיטים, איז געווען דער נאָמען ישראל זונדער, ער איז דאַן געווען פֿאַרזיצער פֿון פֿאַראיין „השחר" איך געדענק איהם נישט פֿון מאָגעלניצע, נאָר נאָכדעם ווי גבריאל ווײנגאַרט, האָט מיר מיט יאָרן שפּעטער אָפּגעשילדערט זיין פֿעטער שמואל זונדער (ישראל׳ס פֿאָטער) און

מיר, אין זכרון, אַנגעוויזען דאָס הויז וואו זיי האָבען געוואוינט בשעת מיר זיינען נאָך געווען אינדערהיים, דוכט זיך מיר, אַז איך געדענק איהם יאָ. האָבען מיר ביידע דאָן געמוזט זיין קליינע קינדער. איך וויל אָבער באַהויפּטען אַז נאָכדעם ווי מיר האָבען זיך איינציגע מאָל דורכגעשריבען מצד דעם מצב פון אונדזערע לאַנדסלייט, אין איך האָב זיך באַקענט מיט זיין לשון, דורך בריף נאַטירליך, דוכט זיך מיר, אַז מיר קענען זיך גאַנץ גוט.

טראָצדעם וואָס ישראל זונדער איז אַן אַנגעשטעלטער אין איינע פון די אַדמיניסטראַטיווע ביוראָס אין ארץ ישראל, וועלכע באַזאָרגט די נייע אַריבערגעקומענע פּליטים מיט וואָהנונגען, אַרבעט וכדומה, געפינט ער דאָך צייט פאַר אָרגאַניזאַציע ארבעט צווישען אונזערע מאָגעלניצער אין דעם ארץ. ער, ישראל, באַזיצט גוטע רעדאַקטאָרישע פעהיגקייטן. דאָס קאָן מען זעהן פון די העכסט־אינטערעסאַנטע און באַלערינדע בולעטינען, וואָס ער גיט פון צייט צו צייט ארויס און צעשיקט אבער דער גאַרער וועלט.

ער פירט אָן קאָרעספּאָנדענצען מיט אַלע פאַרוואורלאָזטע מאָגעלניצער, אין וועלכען לאַנד זיי זאָלען זיך נישט געפינען, אין פּאַרעפענטליכט זייערע נעמען און אַדרעסען אין זיינע בולעטינען און אַזוי ארום העלפט ער צוריק פאַרבינדען די איבערגעריסענע לעבענס פון אונזערע פאַרוואָגלטע. דאָס קאָן מען זעהן ווען מען לייענט די בוליעטינען, און מען הערט פון די פיעלע בריף פון די קעמפּס, ווי זיי וואַרטען אומגעדולדיג אויף יעדען נומער. אויב עס וועט זיין עס איז דערשיינען אַ פולקאָמענע געשיכטע פון מאָגעלניצער אידענטום, וועט זי דערשיינען אין דעם מזרח און איך וויים נישט פון קיין בעסערען אָדער פעהיגערען מענש אַלס הויפּט־רעדאַקטאָר, ווי ישראל זונדער.

אויך אין דעם קאַמף פאַר דעם געבורט פון מדינת ישראל האָבען אַ גרויסע צאָל מאָגעלניצער בחורים זיך באַטייליגט, און איניגע האָבען אַפילו מיט זייערע יונגע לעבענס באַצאָלט פאַר אונזער ניי דעראָבערט היים־לאַנד.

אַ פאַרדרוס, וואָס דער טאַטע און זיינע צוויי חברים שניצער און ראַפּאַפּאָרט האָבען נישט דערלעבט צו זעהן ווי אונזער צוויי טויזענט יאָריגער חלום איז מקוים געוואָרען.

אַלס מוסטער פון זיינע רעדאַקטאָרישע פעהיגקייטען, וועל איך זיך דערלויבען איבערדרוקען דעם פאָלגענדיקען בריף פון אַ מאָגעל־

ניצער פאַרטיזאַנען בחור׳ל, וועלכער האָט זיך געראַטעוועט פון די נאַציס און געפינט זיך איצט אין ארץ ישראל; — דורך דעם גאַנצען אַרטיקעל פיהלט זיך די פעהיגע האַנט פון אַ דערפאַרענעם טאַלאַנט־פולען רעדאַקטאָר.

פון בולעטין נומ. 3.

אַרויסגעגעבן דורכ׳ן

# „ועד ארגון עולי מוגלניצה בארץ־ישראל"

אַרויסגעגעבן אין תל־אָביב, צוזאַמענגעשטעלט און פאַרפאַסט

דורך ישראל זאַנדער

נעמען מיר אַרויס די פאָלגענדע באַשרייבונג:

**אייזיק הירש, דער זוהן פון חיים הירש (פּאָלאַק) דערציילט:**

ביים אויסברוך פון דער קריג, בין איך 10 יאָהר אַלט געוועזן. קיין וואַרשע בין איך אַריין מיט די מוטער, באָבע און ברידער. זיי זענען אַלע אויסגעשטאָרבען פון הונגער און טיפוס. ביים אָנפאַנג פון מויערן די געטאָ, (דאָס איז געוועזן אונגעפעהר אַ האַלב יאָהר נאָכ׳ן אַרויסשיקען אין געטאָ), בין איך און נאָך דריי מאָגעלניצער און זעקס וואַרשעווער חברים, (חברים פון שמוגעל) אַרויס דורך זייטי־קע וועגען און געקומען אין מאָגעלניצער וואַלד, לעבען היצעל האָ־בען מיר געמאַכט אַ גרוב, צוגעדעקט מיט בוימער און זיך באַזעצט. 10 אידן: 6 וואַרשעווער, 4 מאָגעלניצער; 1) איך, 2) אברהם׳לע באַרטמעסער׳ס זוהן, 3—4) 2 זיהן פון הענעלע לאָזער פעלשער׳ס.

איינמאָל אין דער וואָך פלעגן מיר זיך אַרויסכאַפּען, אָנפאַלען אויף דעם אָדער יענעם דאָרף, און די וואַרשעווער, וועלכע זיינען געוועזן אומבאַקאַנטע אין דער סביבה, פלעגן די זאַכען פאַרקויפען און ברענגען עסען. אגב, זיי זיינען געוועזן 16 יאָריקע בחורים און מיר 10—11 יאָריקע קינדער.

ווען די געסטאַפּאָ האָט געזוכט אין די וועלדער, זענען מיר געבליבען 5 טעג און מעהר, אָהן עסען.

איינמאָל נאָך אַ לאַנגערן הונגער, זענען אַכט פון אונז אַרויס אויף די מאכאוויצער מיל, אָנגעשטויסען זיך אין די געסטאַפּאָוצעס, 6 זיינען געהאַרגעט געוואָרען, צווישען זיי יעקיל העני לאָזער׳ס און צוויי זענען אַנטלאָפען. איינער פון זיי איז געוועזן אברהם באַרט־מעסער׳ס אַ זוהן.

# Tel - Aviv Group



**די גרופּע פון תל אביב**

ערשטע ריי זיצענדיג — פון לינקס צו רעכטס: אברהם יוסף סייעד, רבקה זיגעל, צבי רעכטשייד, ישראל זאנדער, משה מרגלית, אלימלך ליבסטער, אלימלך אלקסנדרוביץ; צווייטער ריי זיצענדיג: יצחק בראן, פּנחס האָפמאַן, ליפּיש פּרוביזאר, מינטשע—זיין פרוי, די פרוי פון שלום הערש אהרן פּראביזאר, אלימלך פּראביזאר, ליפּישעס אַ ברודער, די פרוי פון פוקס, לאה היימוביץ, פּערעלע חופּאייזן; דריטע ריי זיצנדיג: יחיאל פּרוביזור, יצחק זאנדער, יוסיל רוכפּעלד, ישראל באַטמעסער, אסתר ראטבארד און איר מאַן יעקב ראטבארד זיינען די געקומענע פון מוגעלניצע און זי די פרוי אסתר איז פון שידלובצע — די אַלע דריי זיינען די געקומענע פון מוגעלניצע—שידלובצע, די פרוי שטערן—איין משפּחה רייזנבאַקס פון מוגעלניצע, חנה ראטנבערג; פערטע ריי זיצנדיג: יהושע בידערמאַן, פּנחס פריידענרייך, מלכה'לע קריינדלס, פּעסע שיפּער, שרה אלכסנדרוביץ, רייזיל אוסטרובעצקי, פּעסע שאַץ, מענדל שאַץ, איטשע בער רוכפּעלד, דניאל ראָטענבערג, אלימלך קופּמאַן, אלימלך זאנדער, ראובן פּיניע מלמר'ס, בוקסנער, זיין פרוי—מלכה חיה גיטעלס פון דער פּאַמיליע רייזנבאַקס; לעצטע ריי שטייענדיג: הערשל אלכסנדרוביץ, ישראל יעקל וויסבויב, צבי אלכסנדרוביץ, לאה דעם גוסצינער שוחט'ס טאָכטער, אסתר זאנדער, טאָבע חיימוביץ חיים טרילניק, צבי הופמאַן, די לעצטע דריי זיינען פּנחס הופמאַנ'ס ביידע טעכטער און דער לעצטער איז זיין זון שלום, פאַר אים איז פאַראַן פּנינה גנלבארד.

# Haifa Group



**די גרופּע פון חיפה**

די ערשטע ריי זיצנדיג פון לינקס אויף רעכטס: הערש שלאַמבערג, זיוויצע, חנציע היידענקרוג, יעקב ראטבאַרד, מלך פּראַביזאר, אבא שלאַמבערג, מענדל בעלזבערג; די צווייטע רייע זיצנדיג: צפּורה בעלזבערג, אַ ניישטעטערן, גוטמאַן לאה, גוטמאַן קיילה, טאָבע קופּ־מאַן, דוד שיינפאַרבער,ביילע פּייפּער'ס מאַן, טאָבע ראָזענבערג, רחל אוסטרוביעצקי, לייזער טראַק, מאַשאַ היידענקרוג; די דריטע ריי שטייענדיג: אברהם יוסף סייעד, יחיאל פּראַביזאר, אלימלך קויפּמאַן, מאיר היידענקרוג, שלמה בעלזבערג, זיין פרוי, טאָבע אַני־לעוויטש, צביה פּייפּער, הינדע פּייפּער, פּעסע אוסטרוביעצקי סייעד, ביילע פּייפּער, שרה רעכטשייד, רוזיע אוסטרוביעצקי, רחל—די פרוי פון נחמיה זיוויצע, פּסח היידענקרוג, אַלע היידענקרוג די זין פון לאזער משה הערש הענעך, צופעליג ניט אויפ'ן בילד; די לעצטע ריי שטייענדיג פון לינקס צו רעכטס: ישראל זאנדער, שמואל בעלזבערג, זיין פרוי דבורה גראָסמאַן, פּעסע דאַווידאָוויטש גאָלדבערג, קריינדל גאָלדבערג, אהרן סייעד, פּייפּער—איצט גראָסמאַן, מעניע גראָסמאַן, כרמל'ע גראָסמאַן, רייזל גראָסמאַן יעריעל גראָסמאַן, חיים אָלדבערג, הערשל זיוויצע; קינדער אין דער ערשטער ריי פון לינקס צו רעכטס: איין אינגל פון חיים גאָלדבערג, אַ מיידעלע פון צפּורה בעלזבערג, אַ אינגל פון מעניע גראָסמאַן, אַ אינגל פון שלמה בעלזבערג, אַ אינגל פון שמואל בעלזבערג. צווישן די קינדער זיצט דאָס אינגל יישראל באַרטמעסער, וואָס איז איצט געקומען פון מוגעלניצע.

אין באַנקער זיינען געבליבען: איך און אליעזר העני לאַזער׳ס. זעהענדיק, אַז מיר וועלען אויסגיין פאַר הונגער, האָבען מיר זיך גע־ווענדעט צו סטאַשעק פעלצאַק און געבעטען ער זאָל אונז פאַרזאָרגען עסען. ער האָט מסכים געווען דערצו, נאָר צוליב מיין פאָטער וועלכען ער האָט גוט געקענט. דריי מאָנאַטען האָט ער צוגעשיקט מיט זיין זוהן אין דער פריה און ביינאַכט עסען.

אין איין פריה־מאָרגען באַמערק איך, אַז דער שייגעץ קוקט אויף מיר קרום. — אליעזר, זאָג איך „לאמיר פאַרלאָזען דעם באנקער און צוקוקען זיך מאָרגען ווען ער וועט מיטשלעפּן מיט זיך״!.

מיר האָבען אויסגעטאָן די שטיוועל, כדי נישט צו לאָזען קיין שפורען אויפן שניי. די פיס זענען אונז געווען אָנגעריבען און פאַר־גאָסען מיט בלוט, ווייל 6 מאָנאַטען האָבען מיר שוין די שיך נישט געהאַט אויסגעטאָן. מיר זיינען אַרויס פון דאָרט און באַהאַלטען זיך אויף אַ מרחק פון 70 מעטער. מיר באַמערקען ווי דער שייגעץ שלעפּט מיט זיך אַ פּוילישען מיליציאַנט, אַ פאָלק׳ס־דויטש, וועלכער האָט שוין פיל אידען און פּאָליאַקען געהאַרגעט.

— „אידן אַרויס פון גרוב!״ הערן מיר דאָס געשריי. מיר זעהען ווי ער שטעכט אַריין דעם באַגנעט אין באַנקער און בדקענט צי איז עס דאָ בלוט אויף איהם.

— וואו זיינען זיי? — שרייט דער בלוט־הונט! — זיי האָבען נאָר וואָס געמוזט אַנטלויפען — ענטפערט דער שייגעץ. — ווען מיר האָבען דערזעהן, אַז זיי זוכען די שפּורען אין שניי, האָבען מיר אָנ־געהויבען לויפען פון באַרג ביים היצעל צום בית עולם, באָרוועסערהייט אין שניי, מען זאָל נישט אָנזען אונזערע שפּורען. מיר זיינען געלאָפען זיג־זאַג ביז צום בית עולם, און נאָכהער אַרויס אופין וואַרשעווער שאָסע, און פון דאָרט ווייטער זיג־זאַג צום בית עולם. זיי זיינען די גאַנצע צייט נאָכגעלאָפען לויט די שפּאָרען, נאָר פון שאָסע און ווייטער האָבען זיי אונזערע שפּורען פאַרלאָרען.

אזוי זיינען מיר געזעסען ביים פּאַרקאַן פון בית־עולם — וואו מיין זיידע איז געווען דער קברן — פון דער פריה ביז נאַכט. טרעהרען האָבען געפלאָסען פון אונזערע אויגען און בלוט פון די באָרוועסע, געשוואָלענע פיס אויפן שניי. צוריק אין באַנקער האָבען מיר נישט געקענט גיין, — עס זאָל זיין עטוואָס וואַרעמער.

איינדרעמלענדיג אויף אַ ווייל, האָט זיך אונז געדוכט, אַז מיר זענען קליינע קינדער און שפּילען זיך אין וואַלד (די „גרויסע״ זענען

אלט געווען 10—11 יאָר!). די קעלט האָט אונז שנעל אויסגע־וועפּט פון חלום, און דערמאָנט וואו מיר זיינען, נישט געגעסענע, געפרוירענע, געיאָגטע און געפּלאָגטע ווי חיות ביים פאַרקאַן פון בית־עולם, הינטער די מצבה פון יחיאל־דוד דעם בעל־עגלה'ס זוהן, וועלכער איז באַגאַנגען זעלבסט־מאָרד.

— איך גיי אַוועק! זאָגט מיר אליעזר העני לאָזער'ס, און אויב איך קום נישט צוריק פון ביאַלאַבזעג אין 3 טעג, איז אַ סימן, אַז מען האָט מיך דערהארגעט.

— איך גיי נישט! האָב איך געענטפערט. ווייל דער וועג אַהין איז פיל מיט סכנות, און געבליבען דאָרט 5 טעג, געקוקט אויפן שטעטל מיט האַרץ־קלאַפּעניש, מען זעהט נישט קיין לעבעדיקען איד, נאָר מצבות און מצבות!

---

THE MOGELNITZER MARKET-PLACE



דער מאָגעלניצער יריד.

האָב איך באַשלאָסען צוריק צו געהן אין באַנקער, זאָל זיין וואָס עס וועט זיין! איך האָב גאָרנישט וואָס צו פאַרלירען!

קומענדיק אין בונקער האָב איך דערהערט ווי שריט אויפן שניי דערנעהענטערען זיך. איך האָב זיך איינגעטוליעט און געלעגען ווי טויט.

פלוצלונג האָט עמיצער אַרויפגעטרעטען אויפן באַנקער, איינגעלעגט איהם און איך האָב אַ געשריי געטאָן.

— אַרויס, ווייל מיר שיסען גלייך! האָט זיך דערהערט אַ געשריי.

— ווער ביזטו?

— אַ וואַרשעווער האָב איך געענטפערט — וועלכער האָט נישט וואו צו שלאָפען, און דער סאָלטים לאָזט מיך ניט אַריין.

4 מענשען האָבען מיך גענומען און געהייסען געהן 3 שריט פאָראויס און געפאָרשט די גאַנצע צייט, ווער איך בין. יעדעס מאָל האָב איך זיי געזאָגט עפּעס אַנדערש, און מיר געהען אָן אַ סוף. — ווען דאָס וואָלטען געוועזען געסטאַפּאָווצעס, וואָלטען זיי מיך נישט אַזוי ווייט געשלעפּט—טראַכט איך, טאָ ווער זענען זיי? אפשר פאַרטיזאַנען, זיי זענען דאָך מאַסקירט!

די נאַכט איז פאַרשוואונדען. און אָט זעה איך, ווי אַ בוים הייבט זיך אויף, די ערד מאַכט זיך אויף, עס זעהט זיך אַ טויער, ביי וועלכן, — עס שטייט אויף דער וואַך אַ פוילישער סאָלדאַט, איז דאָס אַלץ ווירקליכקייט!? עס קען דאָך נישט זיין, אַז עס איז אַ חלום, עס איז דאָך שוין טאָג!

און אָט איז ווידער פינסטער! מען פירט מיך פון איין צימער אין צווייטען ביזן דריטען צימער. דאָרטען האָט אַ פוילישער קאַפּיטאַן מיך געפאָרשט, ווער איך בין? און ווען איך האָב איהם געפרעגט, וואו בין איך אין דער וועלט? האָט ער געענטפערט מיט אַ פראַגע, האָסטו געהערט פון אַן׳אונטערערדישע וועלט?

ווידער האָב איך געענטפערט פאַרשידענס אויף זייערע פראַגען, וואָס עס האָט זיי זעהר אויפגערעגט, און זיי האָבען מיך געדראָהט מיט שיסען — דאָס לעצטע מאָל וואָרענען מיר דיך, זאָג ווער ביזטו? אַ דייטש, אַ פּאָליאַק, אַ ציגיינער אָדער אַ איד? האָב איך מיט שרעקס מודה געוועזען, אַז איך בין אַ איד.

זיי האָבען צווישען זיך גערעדט אויף אַ שפּראַך, וועלכע איך האָב נישט פאַרשטאַנען, און אַריינגעברענגט דריי מענשען, וועלכע האָבען מיר געזאָגט, אַז זיי זיינען אידען פון ראַדאָם, און איך דאַרף זיך נישט שרעקען, איך געפין זיך צווישען קאָמוניסטישע פּאַרטיזאַנען, און אַז זיי וועלען זיך באַמיהען צו האַלטען מיך ביי זיי, — כאָטש איך בין נאָך אַ יינגעל אַ קינד.

זיי האָבען מיר דערציילט, אַז אין די געגענד איז דאָ אַ באַטאַליאָן פון פּאַרטיזאַנען, וואָס באַשטייט פון: 600 פּאָליאַקען, 400 רוסען, 200 ציגיינער און 160 אידען.

מען האָט מיך געלערענט אומגיין מיט פאַרשידען געווער, און איך האָב דאָס שנעל ערלערענט. און טראָץ מיין יונגקייט, בין איך צוגעטיילט געוואָרען צו אַ זעקסטעל; 2 פּאָליאַקען, 2 ציגיינער און 2 אידען. מיר זיינען געגאַנגען אויף אַן אַקציע קיין בלענדאוו, צו האַרגענען פאָלק'ס־דויטשען. ליגען מיר דאָס זעקסטעל און לויערען אויף די דייטשען, דערווייל פאַלט אַ קויל און האַרגעט דעם צווייטען איד, און ווען מיר קערען זיך צוריק, זאָגט מען אונז, אַז מיר מוזען לויפען. און דו קליינער מוזט אויך לויפען, זאָגט דער קאַפּיטאַן, נישטאָ קיין נישט קענען. אַזוי זיינען מיר אַנגעקומען קיין פּאַוולאָוויץ. דאָרט האָט געוואָרט אַ פאָלק'ס־דויטש, וואָס האָט געהאַט געווער. מיר האָבען זיך געגרייט איהם צו באַפאַלען, 12 מאַן זיינען מיר געוועזען. ער האָט דאָס באַמערקט און געוואָלט אַריין צו זיך אין וואָהנונג אונז באַשיסען, זענען מיר אַריין 2 מאַן דורכן פענסטער און אין איין אויגענבליק געבונדען איהם (שיסען האָבען מיר נישט געהאַט קיין באַפעל) און צוגענומען ביי איהם 2 מאַשינען געווער, 3 פּיסטאָלען, 16 האַנדגראַנאַטען און אַ סך קוילען און צוגעגעבן אַ סך טרוקענע קלעפּ. מיר זענען ווידער אַמאָל אַוועק אין פינסטערען וואַלד און איך האָב געטראַכט, ווען מיינע חברים זיינען מיט מיר באַ אַזאַ שטיקעל אַרבעט, ווי וואָלטען זיי זיך געפרייט דאָמיט, אַ שאָד וואָס זיי זיינען געפאַלען אין קאַמף!

5 טאָג אורלויב האָבען מיר באַקומען אַלס באַלוינונג פאַר'ן ערפילען די אויפגאַבע. אונזער שמחה איז געוועזען גרויס, און איך בין דורכגעשלאָפען די נאַכט רוהיג. אַ רויש פון אַ עראָפּלאַן האָט מיך אויפגעוועקט — וואָסערע אַעראָפּלאַנן זיינען דאָס? האָב איך געפרעגט רייבענדיק די אויגען פון שלאָף נאָך פינף נעכט ניט שלאָפען. — רוסישע אַעראָפּלאַנען! האָט דער סערזשאַנט געענטפערט, זיי וואַרפן אַראָפּ אַמוניציע און אַנדערע זאַכען. ווער מעלדעט זיך פרייוויליק

צו געהן ברענגען די זאכען? — איך האב זיך געמעלדעט, און גע־שלעפט צוזאמען מיט אנדערע די שווערע פעק, און דא איז שוין געווארען טאג, שלאפען האט מען שוין נישט געקענט, איך קען נישט איינרוהען, איך וויל עפעס טאן. איך דארף קיין אורלויב. צוויי טעג האב איך געפוצט שיך און נאך אזעלכע זאכען געטאן, אבער נישט רוען!

איך האב לאנג נישט געדארפט ווארטען, א באפעל איז געקומען: 1000 מאן זיין אויף אן אקציע אויפצורייסען א באן־צוג. אין וועלכען עס געפינען זיך צוויי טויזענט דייטשען מיט צוואנציג וואג־גאנען ווינטער קליידער פאר'ן פראנט.

THE CATHOLIC CHURCH



דער קאשציאל

THE CITY HALL



די קאנצעלאריע

— דו דארפסט אנצינדען דעם קאבעל פון די מינע, וועלכע האלט 200 מעטער, און 150 מעטער ווייט פון קאבעל איז דאס ארט, וואו דו קענסט אנטלויפען. אונטערצינדען דארף מען מיט א פאפיראס. הינטער מיר איז געשטאנען א פארוטשניק און געציילט די מינוטען און סעקונדען. שטאלץ אויף מיין אויפגאבע בין איך געלעגען אין ראוו (קאנאל), צוגעהערט זיך צו די שינעס, צי דער צוג קומט אן, און ווען איך האב דערהערט, אז ער דערנענטערט זיך, און דער פאר־רוטשניק האט געגעבען א געשריי: — צינד! האב איך אנגעצינדען און געציילט ביז 15 און אנגעהויבען לויפען. זייענדיק דריי מעטער פון ראוו, האב איך זיך געמוזט ווארפען צו דער ערד, ווייל די שפריי־

צען פון דעם אויפגעריסענעם צוג האָבען געשטעלט אין סכנה מיין לויפען. דאָ איז געפלויגען א קאָפּ, דאָרט א האַנט, דאָרט א פוס און דאָס פייער איז שרעקליך.

אין דעם האָבען מיר דערהערט א רויש פון אעראָפּלאַנען. 40 שטיק זיינען זיי ערשינען און באַלויכטען דעם פּלאַץ, אז א נאָדעל האָט מען געקענט געפינען. א האַלבע שטונדע האָבען זיי אונז גע־זוכט און נישט געפונען. און ווען זיי זיינען שוין גרייט געווען צו פאַרלאָזען דעם פּלאַץ, האָט איין אעראָפּלאַן ענטדעקט א גרופּע פּאַר־טיזאַנען און דערשאָסען 10 פון זיי. די ליכט האָט זיך אויסגעלאָשען און מיר זיינען דערווייל אוועק אין וואַלד. נאָר 15 מאַן זיינען גע־בליבען מיטן שווערען געווער. באַלד זיינען די דייטשע אעראָפּלאַנען צוריק געקומען, ענטדעקט די 15 מאַן און אַלעמען אויסגעשאָסען.

די צאָל קרבנות אין דער נאַכט, איז געווען 25. ערשט די אַנ־דערע נאַכט האָבען מיר צוביסלעך צונויפגעשלעפּט די געפאַלענע, זיי צו באַגראָבען, דער קאַפּיטאַן איז דאַן צו צו מיר און געזאָגט: יעהר גוט, אַז דו ביסט געראַטעוועט, איך האָב נישט געגלויבט אין דערין, אָבער דו ביזט סוף כל סוף א קינד און מיר ווילען דיך נישט איינ־שטעלען מעהר. פון יעצט אָן ביזטו א פּאָליאַק — ברוניסלאַוו פּאַר־צינסקי, געהסט ארבעטען קיין בראַנישעוו לעבען גאָסטין צו א פּאָלק'ס־דייטשקע. צומאָרגענס בין איך אוועק אהין. דאָס איז געווע־זען א צוואַנציג—דרייסיג קילאָמעטער פון דאָרט.

פאַרנאַכט בין איך געקומען אין אויבענדערמאַנטען דאָרף. נאָכ'ן באַקומען א צעטעל פון סאָלטיס אויף נעכטיקען, בין איך אריין צו די פּאָלק'ס־דייטשקע און פאָרגעלעגט איהר מיין ארבעט.

— פּאַשען בהמות קענסטו?

— יאָ — האָב איך געענטפערט.

צומאָרגענס, האָט זי מיר באַמערקט, אַז איך פּאַשע ווי א איד. עס איז מיר דערפון נישט פריילין געוואָרען אויפן האַרץ. אויך די שקצים אויפן פעלד מיט זייערע „שאלות" האָבען אויף מיר אַנגע־יאָגט א שרעק, ענדליך האָב איך זיך מיט זיי איינגעלעבט און מיין „אידישקייט" איז נישט אַנטדעקט געוואָרען.

אַזוי זיינען אַוועק מאָנאַטען. דער ארבייט'ס טאָג האָט זיך אָנ־געהויבען 4 פאַרטאָג און געענדיגט 12 אַזייגער ביינאַכט, מיט א פּויזע פון א שעה אָנדערהאַלבען. זונטיק האָב איך געדאַרפט געהן

אין קאַשציאָל, אַז נישט האָט זיך געקענט דערוועקען אַ חשד אויף מיר. שלעכט איז געוועזען, ווען איך האָב געדאַרפט פאָרען קיין גאָס־ צין אין מיהל אַריין, דאָרטען האָבען געאַרבייט צוויי מאָגעלניצער פאָליאַקען, און איך האָב געציטערט, אַז זיי זאָלען מיך נישט דערקע־ נען. אָבער פיל ערגער איז מיר געוועזען, ווען מיין בעל־הבית׳טע האָט מיר געהייסען איינשפּאַנען די פערד און פאָרען קיין מאָגעלניצע אויפן יאַריד קויפען חזירים. קיין שום תירוץ אַרויסצודרייען זיך האָב איך נישט געפונען.

אַזוי פאָר איך ביז צו דעם שעכט־הויז און אָט בין איך שוין ביי די עלעקטראָווניע, לאַנגזאַם, די בעל־הבית׳טע זאָל נישט באַמער־ קען, לאָז איך אַראָפּ דאָס היטל איבער די אויגען, דערנענטער זיך אַלץ מעהר צו מיין געבורטס־שטעטל, און דאָס האַרץ קלאַפּט און קלאַפּט. און אָט בין איך אַריבער די בריק. דער יאַריד איז אינגאַנצען „ברען". דער מאַרק פול מיט פויערים, וועלכע האָבען געבראַנגט זייע־ ערע פּראָדוקטען צו פאַרקויפען. מען קויפט אייער, פוטער, גרינס, פרוכט, חזירים און אַנדערע זאַכען. מען פאַרקויפט סחורות פאַר־ שידענע, דער הו־האַ, דער טומעל, אַזוי ווי אַמאָליקע דינסטאָג׳דיקע יאַרידיב, אַ ווייַלע האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז אַלץ איז ווי גע־ וועזען. אין אַ מינוט אַרום דערזעה איך די טרויעריקעווירקליכקייט־ יאָ! אַלץ איז ווי געוועזען! **נאָר אָן אידען!**

THE POWER HOUSE



די עלעקטראָווניע.

THE BET HAMIDRASH



דער בית המדרש.

מיין בעל־הבית׳טע הייסט מיך זיצען און היטען דעם פערד און וואָגען, און איך בין גליקליך, אַז זי הייסט מיך נישט געהן איינקויפען מיט איהר. פון 8 פריה ביז 2 נאָכמיטאָג זיץ איך אויפן וואָגען, וועל־ כער שטעהט נישט ווייט פון „דאָם־ליודאָווי", שקאָצים׳לאַך דרייען זיך, ווילען עפּעס גנב׳ענען. זשאַנדאַרען געהען פאַרביי און איך האַלט

אין איין „דרעמלען". יעדע מינוט איז מסוכנ'דיק. ווען איינער נאָר וועט מיך דערקענען, בין איך פאַרלוירען!

סוף כל סוף זיינען מיר אַרויסגעפאָרען פון מאַגעלניצע און ווייטער איז מיין אַרבעט אָנגעגאַנגען. איך בין „געשטיגען" פון אַ פּאָסטוך צו אַ פּאַראַבאָק! מען האָט מיר געקויפט אַן אַנצוג מיט אַ פּאָר שטיוועל, נאָר די „נסיעות" איז נישט איבערצוטראָגען.

— שפּאַן איין די פערד, מיר פאָהרען קיין גריצע! האָבען געשריגען ווי אַ באַפעל די צוויי געסטאַפּאָווצעס פון גריצע, די זיהן פון מיין בעל־הבית'טע. זיי האָבען געכאַפּט אַ וואורקער איד אין דאָרף, אויפן וועג האָבען אים די פוילישע פויערים שוין האַלב דערהאַרגעט, אָבער די געסטאַפּאָווצעס דאַרפען איהם ברענגען אַ לעבעדיגען קיין גריצע. דערפאַר באַקומען זיי אַלס פּאָלק'ס־דויטש 25 ליטער שנאַפּס, 2 פּאָר שטיוועל, 2 מעטער קאָרען און 2 מעטער ווייץ. אַזאַ טייערען פּרייז פאַר אַ איד האָט מען נאָר באַצאָלט אַ פּאָלק'ס־דויטש אין צום סוף יאָהר 1944, ווען מען האָט שוין קיין איד נישט געקענט געפינען.

און איך פאָר מיט דעם האַלב־טויטען איד, וועלכער איז צוגעדעקט מיט אַ ספּרענדזנאָוועקע אויף וועלכע עס ליגען שטיינער. יאָ, מען מוס איהם ברענגען לעבעדיג נאָך גריצע, און דאָרט איהם טויט שלאָגען.

צומאָרגענס, איז געוועזען אַן'אָנפאַל פון פאַרטיזאַנען אויף די פּאָלק'ס־דויטשען. מען האָט ביי די צוויי זיהן צוגענומען דאָס געוועהר און זעהר פיל געלט און אַריינגעלעגט געזונטע קלעפּ (ווידער־אַמאָל נישט געשאָסען) נאָכ'ן אָבליגען צוויי וואָכען זיינען זיי צוריק געפאָרען קיין גריצע צו זייער „איידעלע" אַרבעט.

דערווייל הערט מען, — אַז דער דייטש טרעט אָפּ און די רוסען דערנענטערען זיך. די „זיהן" פאָדערן פון מיין בעל־הבית'טע צו אַנטלויפען, זי פאָלגט זיי נישט און זיי לאָזען זי איבער אַליין. זיי האָבען מיך געוואָלט מיטנעמען מיט זיך און איך האָב זיך אָבגעזאָגט פון דעם גרויסען „כבוד".

מיט אַמאָל זיינען די רוסען ערשינען אין דאָרף, געפרעגט מיך וואָס איך טו דאָ ביי די פּאָלק'ס־דויטשען? איך האָב געענטפערט, אַז איך בין אַ פּאַראַבעק, איך האָב מורא געהאַט אויסצוזאָגען אַז איך בין אַ איד. ווידער־אַמאָל פאַרשונגען, און ערשט נאָך אַ קערפּערליכע אונטערזוכונג, האָבען זיי מיר געגלויבט, אַז איך בין אַ איד.



**THE BATH HOUSE** דאָס בעדל (מקוה).

די רוסען האָבען געראָפען אַ פאַרזאַמלונג, דערציילט, אַז פיל אידען זיינען באַפרייט געוואָרן, און אַז עס וועלען נאָך זיין אידען און מען דאַרף אַרבעטען צוזאַמען מיט זיי.

די פּויערים האָבען נישט פאַרשטאַנען, וואָס טו איך צווישען די רוסען, זיי האָבען זייערע אויגען נישט געגלויבט, אָט דער אָ איז דאָך אַ פּאָליאַק! האָבען זיי געזאָגט, און אַלטע באָבעס האָבען זיך געצלמ'ט, ווי קען דאָס זיין, ווי קען דאָס זיין? קעגען מיין ווילען, האָב איך מיט מיינע הענט געדאַרפט שיסען די פאָלק'ס־דויטשען, אַלס נקמה פאַר אידען. (קעגען מיין ווילען, ווייל איך האָב נישט געהאַט קיין האַרץ דאַצו). נאָך צוויי מאָנאַטען, בין איך געוועזען אין דאַרף און אין חדש מערץ 1945, בין איך געקומען קיין מאָגעלניצע.

קומענדיק אַהין האָב איך געטראָפען מרדכי הערפשטיין, מנשה קלאַפּער'ס אייניקעל און ער האָט מיר געזאָגט, אַז עס געפינען זיך אייניקע אידען. זיי האָבען מיך אויסגעהאַלטען מיט עסען און שלאָפען א. אַז. וו. איך האָב זיי נישט געוואָלט פאַלען צו לאַסט און פאַר־שריבען זיך אין דער מיליציע. דאָרט בין איך געוועזען אייניגע מאָנאַ־טען, און ווען עס האָבען זיך געמערט די דראָהונגען פון די אַרמיאַ־קראַיאָווע, האָב איך געמאָלדען דער חברה אַז איך פאָר אַוועק.

דוד טופמאַן, וועלכער איז געוועזען אין רוסלאַנד מיט זיין פאַ־

טער מענדעל פרוי און קינדער, און איז אַהיים געקומען מיט זעהר פיל אויסצייכנונגען, געפאָהרען מיט אַ אַעראָפּלאַן קיין מאָסקווא א. א. וו. האָט מיך נאָר צוגערעדט צו פאָהרען קיין רוסלאַנד איך האָב זיך ענטזאַגט פון דעם, און מיט די הילף פון די מאָגעלניצער אידן בין איך אַוועק קיין לאָדזש, פון דאָרט קיין טשעכיען און עסטרייך און בין געקומען קיין ארץ־ישראל מיט דער שיף „שאַמפּאַליאָן", מיט אַ סערטיפיקאַט פון „עלית־הנוער„, און היינט בין איך אין אַ קבוץ, אַ האַלבען טאָג אַרבעט איך און אַ האַלבען טאָג לערן איך און בין זעהר צופרידען.

---

## די ערשטע מאָגעלניצער וואָס האָבען זיך באַזעצט אין טשאַרלעסטאָן.

ווי איך האָב דערמאָנט, האָבען אַ גרופּע פון אונזערע לאַנדסלייט איינגעזעהן, אַז זיצען אין די שעפּער אין ניו יאָרק, און אַרבעטען כסדר, איז עפּעס נישט קיין תכלית, און זיי האָבען זיך געלאָזט פאָרען אין דער „סאַוטה". דאָס איז אין דעם וואַרעמען קלימאַט פון די דרום־שטאַטען פון אַמעריקע. היינט האָבען מיר אַ שיינע מאָגעלניצער קאָלאָניע אין דער אַלטער זיד־שטאָט טשאַרלסטאָן, אין שטאַט סאַוטה קאַראָליינאַ, זיי זיינען דאָס רוב געשעפטסלייט, און ווי גרשון געלבאַרט (גאָלדבערג) באַהויפּטעט, איז ביי זיי עקאָנאָמיש, נישט צו פאַרזינדיגען.

מיר וועלען איבערגעבען דאָס וואָרט צו גרשונ'ען און אָט וואָס ער זאָגט וועגען אונזערע לאַנדסלייט אין טשאַרלסטאָן:

דער ערשטער דורך אַ צופאַל איז געקומען גאָדיל גאָלדמאַן, אין מאָגעלניצע האָט מען אים גערופען דער געלער גאָדיל, און ער האָט זיך איינגעאָרדענט נישט שלעכט. דער צווייטער איז געקומען אַהרן סיגעל, הערש שמואל לאַפּער, און האָבען זיך גענומען צו געשעפט, אין דער זעלבער צייט האָט די מאָגעלניצער סאָסייעטע געהאַט אַ קראַנקען מעמבער יעקל הירש, אין מאָגעלניצע האָט מען אים גערופען כשר יאַנקעלע, האָבען דאָקטוירים איהם געראָטען צו פאָרען אין אַ וואַרעמען קלימאַט. האָט די סאָסייעטע איהם געשיקט אין טשאַרלעסטאָן און ער האָט זיך גאַנץ גוט איינגעאָרדענט. ער האָט נישט לאַנג גענומען און נאָטע ווינטער (יאַמסקעס) איז אַריבער געקומען, ווי אויך אברהם יוסף בערלינסקע מיט זיינע זיהן פּינע און חיים, און אברהם בערלינסקע (אין מאָגעלניצע איז זיין נאָמען געווען אברהם קאָפּקע). עס איז אויך אַריבערגעקומען מאָטעל הוירש,

כ״שר יאקעלע׳ס זוהן. נאָך די ערשטע וועלט־מלחמה איז ישראל גאָלד־
בערג, צוריקגעקומען פון דער מלחמה אַ פּאַרוואונדעטער און מער אין
שאַפּ האָט ער נישט געקענט גיין אַרבייטען, האָט זיין אָנקעל נאָטע
ווינטער איהם אַריבערגעבראַכט קיין טשאַרלעסטאָן, וואו ער האָט גע־
מאַכט אַ גרויסען דערפאָלג. נאָכהער האָט ישראל אַריבערגעבראַכט
זיין ברודער, דעם שרייבער פון די שורות גרשון געלבאַרט.

## A GROUP OF MOGELNITZER IN CHARLESTON, S. C.

(Seated left to right): Hersh Shmuel Laufer, Abraham Berlinsky, Max Berlinsky and Israel Goldberg. (Standing): Max Goldman, Philip Berlinsky, Max Hirsch, George Goldberg and Charles Goldberg.



**אַ גרופּע מאָגעלניצער פון טשאַרלעסטאָן,**

**סאוט קאראָליינא.**

זיצענדיג רעכט צו לינקס: ישראל גאָלדבערג, מאַקס בערלינ־
סקי, אברהם בערלינסקי, הערש שמואל לאָופער; שטייענדיג
רעכט צו לינקס: טשארלי גאָלדבערג, זיין פאָטער גרשון גאָלד־
בערג, מאַקס הירש, פיליפ בערלינסקי און מאַקס גאָלדמאַן.

עס איז אויך אַריבערגעקומען רחמיאל לערנער, יאָסעל ציגעלמאַן און גדליה ראָזאַלסקע. פון די אַלע אויסגערעכענטע זיינען שוין אַ סך נישט צווישען די לעבעדיגע און אַ סך האָבען זיך אַרויפגעאַרבייט און פאַרלאָזט טשאַרלעסטאָן. היינט געפינט זיך ישראל גאָלדבערג, ער איז אין די אַרמע אין נעווי קליידער געשעפט. פיניע בערלינסקע, אַ מאַנופעקטשורער פון הויזען, חיים בערלינסקע, מענערישע קליידער, געשעפט, מאָטעל הירש אין די האָלסעיל געשעפט, הערש שמואל לאַפער אַ רעסטאָראַן אייגענטימער, יאָסעל ווינטער אַ שוך געשעפט, רחמיאל לערנער אַ שוך געשעפט, דינע גאָלדמאַן, די פרוי פון גאָדיל, אַ שפייז געוועלב, מעקס בערלינסקע דער זוהן פון אברהם בערלינסקע אַ שפייז געוועלב, מעקס גאָלדמאַן דער זוהן פון גאָדיל, אַ גאַזאָלין סטאַנציע.

אָט דעם גאָדיל דערמאָן איך ספּעציעל, באַטש ער איז געבוירען אין אַמעריקע, איז ווען עס קומט עפּעס אויס פאַר מאָגעלניצע, איז ער דער ערשטער צו געבען, גרשון געלבאַרט אין די מענערישע קליידונג, עס איז אויך דאָ יאַנקל וועבער׳ס אַ טאָכטער, בעלאַ, פאַרהייראַט צו נישט קיין מאָגעלניצער. ווי עס זעט אויס זיינען מיר אַלע נישט שלעכט עטאַבלירט. מיר נעמען דאָ אָנטייל אין אַלע אונטערנעמונגען, טשאַרלעסטאָן אַ באַפעלקערונג פון 125 טויזענט איינוואוינער האָט 600 אידישע פאַמיליעס. אין 1947 האָבען מיר בייגעשטייערט אַריבער 2 הונדערט טויזענט דאָלאַר פאַר דעם יונייטעד דזשואיש אַפּיל (דזשאָינט). איבער 20 טויזענט פאַר דער הגנה. מיר שטיצען אַלע אונטערנעמונגען פאַר דעם וואוילזיין פון אונזער לאַנד אַמעריקע. מיר האָבען אויך געשיקט אַריבער 800 דאָלאַר אין 1945 צו די מאָגעלניצער סאָסייעטע אין ניו יאָרק, פאַר אונזערע מאָגעלניצער אין די פאַרוואָרפענע לענדער. אין 1947 האָבען מיר געשיקט 135 דאָלאַר קיין ניו יאָרק צו די מאָגעלניצער סאָסייעטע צו העלפען אונזערע מאָגעלניצער אין די ד. פּ. קעמפּס. מיר האָפען, ווען אונזער לאַנד ישראל וועט זיך איינאָרדענען ווי מיר ווינטשען זיך, וועלען מיר זיך זיכער נישט אַנטזאָגען צו העלפען אונזערע מאָגעלניצער זיך דאָרט באַזעצען.



# די מאַרקאָוויטשעס 50 יאָריקער חתונה - יובל

ביים אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה ווען אין יעדער הייב האָט מען אָנגעהויבען צו פילען די ערנסטקייט פון דעם גרויסען וועלט אומגליק, האָבן זיך צו אונז אויך דערטראָגן ידיעות, אַז אַלע אידען פון אונזער היים־שטעטעל זיינען פאַרשיקט געוואָרן קיין וואַרשע. וואָס דער גורל פון אונזערע נאָענטסטע איז געווען אין דער וואַרשעווער געטאָ, איז שוין איצט אַ טרויעריק באַוואוסטער פאַקט. די מאַמע האָט דורך לאַנדסלייט געפּרואווט אויסגעפינען, אויב עס איז ווער געבליבען פון אירע צוויי שוועסטער, בלומע און רבקה׳ס קינדער, אָדער אייניקען ברודער אין דער היים, דער פעטער לאָזער מאיר, אָבער די ידיעות זיינען געווען האָפנונגסלאָזע.

אויך אונזער פאַרשטאָרבענעם ברודער אייבי׳ס עלטערער זוהן, מילטאָן, איז אַוועק אין דער אַמעריקאַנער אַרמעי, וואו ער איז געווען אַ פּילאָט אין דער לופט־פלאָטע. דאָס האָט אויך נישט געווירקט צום גוטען אויף דעם געזונדס־צושטאַנד פון טאַטע־מאַמע.

אין דער צייט, סוף 1944, איז אויסגעפאַלען דער 50 יאָריקער חתונה־טאָג פון אונזערע עלטערען, אַ טאָג אויף וועלכען מיר האָבען אַלע געהאָפט און געוואַרט. מיר האָבען געוואָלט פּראַווען אַ גרויסע שמחה, פאַר דער משפחה, פריינט און לאַנדסלייט, אָבער די מאַמע האָט בשום אופן נישט דערלאָזט. עס איז נישט געווען די צייט צו פּראַווען אַזעלכע חתונות. מיט די נייעסען פון די צעשטערטע היימען — און דאָ איז מילטאָן אין יאַפּאַן און געפינט זיך אין סאַמע פייער, האָט זי נישט געוואָלט און דער טאַטע איז אויך מסכים געווען.

מיר, די קינדער, האָבען אָבער דאָך נישט געוואָלט דורכלאָזען דעם טאָג אָהן שום פייערונג, האָבען מיר דורכ׳ן סעקרעטאַר פון דער סאָסייעטע געשיקט קאַרטלעך צו אַלע מיטגלידער, אַז ביים קומענדען מיטינג וועט צוליב דער 50 יאָריקער חתונה פון יצחק און העני מאַרקאָוויטש, זיין אַ שטיקל יום־טוב. צו אונזערע מיטינגען קומען געווענליך אַ 20 ביז 25 מיטגלידער, האָבען מיר באַשטעלט אַ זאַל פאַר אַ 50 מענשען ביי געדעקטע טישען מיט לעקאַך און בראָנפען, אַ לייכטען מאָלצייט פון פיש, זופּ, פרוכטען א. א. וו. יאָסעל פליישער האָט צו דער געלעגענהייט געבאַקען אַ גרויסען גאָלדענעם חתונה־לעקאַך, און מיר האָבען גע׳פּועלט ביי דער מאַמען זי זאָל קומען מיטן טאַטען צום מיטינג.



**THE MARKOWITZ FAMILY IN 1935**

(Seated left to right): Elsie, Mollie, Isaac, Mollie Warshaw and Celia. (Standing): Morris, Louis, Hannah, Izidor Warshaw and Abraham.

**די מאַרקאָוויטש פאַמיליע אין 1935.**

זיצענדיג רעכט צו לינקס: ציליע, מאלי וואַרשע, יצחק ע״ה, מאלי, עלסי; שטייענדיג: אייבי ע״ה, איזי וואַרשע, העני ע״ה, לואי, מאָרים.

עס האָט זיך אָבער אויסגעלאָזט, אַז אַלע מאַגעלניצער זיינען געקומען מיט זייערע משפּחה'ס און קינדער. אַלע האָבן געוואָלט וואונשען מזל־טוב דעם „פּעטער יצחק" מיט דער „מוהמע העניען". דער סוף איז געווען, אַז דער זאַל־אייגענטימער סאַל בוירנב, האָט געמוזט האַלטען אין שטעלען נאָך טישען און ברענגען זיין גאַנצען זאַפּאַס פיש און זופּ און מען האָט זיך געטיילט מיט דער בעודה.

איבערהויפּט האָבען זיך די פריינט משמח געווען מיט די געסט, וואָס זיינען געקומען באַגריסען חתן־כלה. זלמן זילבערצווייג, דער רעדאַקטאָר פון „טעאַטער־לעקסיקאָן" און פון „אַמעריקאַנער" איז געווען גאַסט־רעדנער. פון אידישען טעאַטער זיינען געקומען מרים קרעסין און סימאָר רעכטצייט און געזונגען. סימאָר'ס פאָטער ר' יצחק רעכטצייט האָט זיך אָנגעקערט צו מיין פעטער ישראל רעבטשייד ע"ה פון מאַגעלניצע. עס איז אויך אויפגעטראָטן דער קאָמיקער לעאָ פוקס, דער פאַרליינער בנימין פישביין און מיין „אַמעריקאַנער קאָזין" פּסח'קע בורשטיין מיט זיין פרוי ליליען לוקס. דער אָווענט האָט זיך פאַרוואַנדעלט אין אַ נישט דערוואַרטעטע, אָבער באמת האַרציקע שמחה.

ווי אַזוי פּסח'קע בורשטיין, וועלכער איז געבוירען אין וואַרשאַ־ווע, איז געוואָרען מיין „קאָזין", איז אַ גאַר טשיקאַווע מעשה. מיין מאַמע'ס אַ קאָזין פון לוווויטש, אַ בייגל־בעקער מיט'ן נאָמען לייבל פּשיטיק, האָט געוואוינט אין ניו יאָרק ביי בורשטיינ'ס אַ ברודער. איינמאָל האָט פּסח'קע דערציילט זיין ברודער, אַז ער דאַרף גיין צו לואי מאַרקאָוויטש'ן באַשטעלען אַן אַפּישע. לייבעל האָט דערהערט דערמאָנען מיין נאָמען, האָט ער אויסגעשריגען — דאָס איז דאָך מיין קוזינע'ס זוהן — דעם זעלבען טאָג איז פּסח'קע טאַקע אַרויפ־געקומען און מיר געמאַכט אַזאַ מין חשבון — אַז היות ווי מיין מאַמע'ס קאָזין לייבל וואוינט ביי זיין ברודער, בין איך דאָך זיין לייב־ליבער קאָזין — און אַזוי שטימט עס.

אגב, איז פּסח שטענדיג גרייט צו קומען צו די מאַגעלניצער אונ־טערנעמונגען וואו ער מיט זיין פרוי אונטערהאַלטען אונז שטענדיג פריי מיט זייערע פרייליכע לידער און טענץ. ער איז אַזוי ווייט אַוועק, אַז ער האָט אַזש אין מיר אַנטדעקט טאַלאַנט אַלס לידל־שרייבער, און איך מוז זיך מתודה זיין, אַז איך האָב זעהר אָפט טאַקע אונטער־געזינדיגט פאַר אים אויף דעם געביט.

אַ זעקס חדשים שפּעטער איז דער מאַמע'ס ברודער אונזער פעטער לייבוש (לואי סטיין), וועלכער האָט געליטען פון אַ קראַנק


Louis Stein

הארץ, געוואָרען ערנסט קראַנק און איז אין אַ פּאָר וואָכען שפּעטער געשטאָרבען. ער איז געווען דער איינציגער פון דער מאַמ'ס נאָענטער משפּחה וועלכע זי האָט געהאָלפען קומען קיין אַמעריקע. נאַטירליך, איז זיין טויט געווען אַ שווערער קלאַפּ, און דער הויכער בלוט דרוק פון וועלכען זי האָט געליטען און דערפון נאָך ערנסטער געוואָרען.

מיר פלעגן רופען דאָקטוירים, און זיי האָבען אונז באַרוהיגט, אַז מיר דאַרפען נישט זיין אַלאַרמירט. די מאַמע האָט אָבער געהאַלטען זיך אין פרעגען, וואָס מילטאָן שרייבט פון יאַפּאַן, און זי האָט געבעטען ביי געצל גוטערמאַן ער זאָל פּרואווען עפּעס אויסגעפינען וועגען בלומע'ס אָדער רבקה'ס קינדער.

ענדליך האָבען מיר דערלעבט דעם גרויסען טאָג אין אויגוסט 1945, ווען די מלחמה איז אָפּגעשטעלט געוואָרען. דערציילט מיר מיין שוועסטער, אַברהמטשע פליישער, אַז גראָד יענעם טאָג איז ער געווען אין הויז ביי טאַטע־מאַמע ווען די נייעס פון דעם שלום איז געקומען איבער דער ראַדיאָ. מיט טרערען אין די אויגען האָבען זיי אויפגענומען די פרייליכע נייעס.

מיט דריי פערטעל יאָהר שפּעטער, נאָך דעם פרידען, האָבען מיר ענדליך דערלעבט צו זעהן אונזער ברודער'ס זוהן, מילטאָן צוריק אינדערהיים. ער האָט זיך דערהויבען צום ראַנג פון לייטענאַנט אין דער אַמעריקאַנער לופט־פלאָטע. טאַטע־מאַמע האָבען זיך שטאַרק געפרייט, כאָטש זייער געזונט איז שוין ווייט נישט געווען קיין גוטער. געדענק איך ווי איינמאָל נאָך אַ באַזוך פון'ם דאָקטאָר צו דער מאַמע, האָט זי געזאָגט צו מיר — נו איצט אַז מילטאָן איז שוין דאָ אינדערהיים אַ געזונטער, קען זי רוהיג שטאַרבען.

טאַקע באַלד נאָכדעם איז זי אַוועק אין מאָנטעפיאָרע־שפּיטאָל וואו זי איז נאָך אַ בלוט־שטורץ געשטאָרבען דינסטאָג דעם 15־טען אפּריל 1947.

אַ צוויי טאָג נאָך איר טויט, בשעת מיר זיינען געזעסען שבעה, האָבען מיר דערהאַלטען אַ בריף פון וואַרשאַווע, פּוילן, פון דער מוהמע רבקה'ס טאָכטער, בלומע. דער בריף האָט זיך אָנגעהויבען — ליבע מוהמע הענע...

די מאַמע האָט ליידער נישט דערלעבט צו לייענען די ידיעה, אַז איר שוועסטער'ס קינדער לעבען.

## יצחק און הענע מאַרקאָוויטש ע"ה מיט די אייניקלעך

שטייענדיג לינקס צו רעכטס: ביטריס, הענע ע"ה, מינדעלע,
יצחק ע"ה, מילטאָן; זיצענדיג: הארווי און פילים.



**ISAAC AND HANNAH MARKOWITZ AND GRANDCHILDREN IN 1936**

(Standing, left to right): Milton, Isaac, Marilyn, Hannah, and Beatrice. (Seated in foreground): Phyllis and Harvey. (Missing are Louise and Dorothy, children of Morris and Elsie.)

# די סאָסייעטע האַלט אָפּ אַ יזכור אָוועט פֿאַר אונזערע קדושים, וועלכע זיינען געפֿאַלען אַלס קרבנות פֿון די נאַצי מערדער

אין אָקטאָבער 1947, האָט אונזער רעליף קאָמיטע אראנזשירט אַ יזכור־פֿאַרזאַמלונג אַלס אָנדענק צו אונזערע מאָגעלניצער לאַנדס־לייט, וועלכע זיינען געשטאָרבן אין די נאַצי־קאָנצענטראַציע לאַגערן, אָדער געפֿאַלען אַלס העלדען אין קאַמף מיט די רוצחים אין דער וואַרשעווער געטאָ.

דאָס איז געווען איינע פֿון די איינדרוקספֿולסטע פֿאַרזאַמלונגען, וואָס די מאָגעלניצער סאָסייעטע האָט ווען אָפּגעהאַלטן. כמעט אַלע ניו יאָרקער לאַנדסלייט מיט זייערע פֿאַמיליעס זיינען געקומען אָפּגעבען דעם לעצטן כבוד אונזערע געפֿאַלענע לאַנדסלייט און קרובים.

הרב משה אַסעלקאָ (סילק), דעם מאָגעלניצער רב׳ס זוהן, וועלכער איז דער גייסטיגער פֿירער פֿון דער גרויסער קאָנגרעגיישאָן אהבת שלום אין פּראָווידענס, ראָוד איילאַנד, האָט ספּעציעל פֿאַרלאָזט פּראָווידענס שבת־צו־נאַכט, און געקומען צו פֿליהען קיין ניו יאָרק, כדי אָנטייל צו נעמען מיט די ניו יאָרקער לאַנדסלייט אין דעם אָוועט. ער איז געקומען אויף זיין אייגענע הצאות און מספּיד געווען די געפֿאַלענע און אויך געגעבען אַ ביישטייערונג צו אונזער רעליף־פֿאָנד.

אין אַ רירענדע רעדע האָט ער געשילדערט דאָס לעבן פֿון אַמאָל פֿון אונזער היים־שטעטעלע און מיט טרערן אין די אויגען האָט ער געזאָגט קדיש מיט אַלע אָנוועזנדע, וועלכע האָבען וויינענדיג נאָכגעזאָגט — יתגדל ויתקדש...

עס האָבען אויך גערעדט פֿאַרטרעטער פֿון דער דזשאָינט דיסטריבושאָן קאָמיטעט און אַנדערע מיטגלידער פֿון רעליף קאָמיטעט, וועלכע ווערען דערמאָנט אין אונזער סעקרעטאַר געצל גוטערמאַנ׳ס באַריכט.

עס זיינען אויך גענומען געוואָרען בילדער פֿון אַלע אָנוועזענדע, ווי אויך פֿון די פֿרויען פֿון אונזער שוועסטערשאַפֿט — די מאָגעלניצער „סיסטערהוד״.

ווי געזאָגט, איז דאָס געווען איינע פֿון די רירענדסטע פֿאַרזאַמלונגען, וואָס מיר האָבען ווען אָפּגעהאַלטען אין ניו יאָרק.

## MEMBERS OF MOGELNITZER RELIEF COMMITTEE

(Seated, left to right): Leon Lemberger, Rabbi Morris Silk from Providence, R. I., Nathan Schwartz, Getzl Guterman, and Charles Rothkopf. (Top row): Louis Markowitz, Jack Sysler, Michael Lemberger, and Rabbi Abbot from J.D.C.



## מאָגעלניצער רעליף קאָמיטעט

זיצענדיג רעכטס צו לינקס: טשארלס ראָטקאָפף, געצל גוטער־מאן, נחום שוואַרץ, הרב משה סילק, לעאָן לעמבערגער; שטיי־ענדיג: רבי אבאָט פון „דזשאָינט", מיכאל לעמבערגער, דזשייק שישלער, לואי מארקאָוויטש, פאָרזיצער.

# באַריכט

## פון „י ז כ ו ר" אָוועגט אין ניו יאָרק און די טעטיקייט פון מאָגעלניצער רעליעף קאָמיטעט אין ניו יאָרק.

דער „יזכור־אָוונט" איז פאָרגעקומען דעם 18טען אָקטאָבער 1947 אין ניו יאָרק. עס האָבען אָנטייל גענומען איבער הונדערט מאָגעלניצער.

פאָרזיצענדער איז געווען מיכאל לעמבערגער. גערעדט האָבען: לעאָן לעמבערגער, היימע גרינבערג, הענרי באָרענשטיין, טשאַרלי

---

## MOGELNITZER LANDSLEIT AT THE MEMORIAL MEETING HELD IN NEW YORK IN 1948

(Seated left to right): Abraham Fleisher, the late Hyman Greenberg and Isaac Markowitz, Shimen Baransky, Nathan Rozalsky, and Aaron Sigel. (Second row): Judel Span, Jack Fried, Morris Libert, Philip Klein, Jake Klein, Abe Klein, Abraham Kaufman and Al Sysler. (Top row): M. Siegel, Louis Hirsch, Yitzchok Diamond, Sam Sysler and Harry Sysler.



זיצענדיג רעכט צו לינקס : אהרן סיגעל, נאָטע ראָזאַלסקי, שמעון באריינסקי, יצחק מארקאָוויטש, חיים גרינבערג, ע"ה, אברהמ'טשע פליישער; צווייטער רייע : אל. שישלער, אברהמ'־טשע קאופמאן, אייב קליין, דזשייק קליין, פישל קליין, משה ליבערט, דזשייק פריד, יודל שפאן; אויבערשטע ריי : הערי שישלער, סעם שישלער, יצחק דימאָנד, לואי הירש און מ. סיגעל.

רויטקאָפּ, יצחק מאַרקאָוויטש, אברהם פלייישער און שמעון באַראַנסקי
פון די פרויען: מרס. לאה שוואַרץ,—און אַ פּאָרשטייער פון דזשאָינט.

געציל גוטערמאַן, האָט אָבגעגעבען אַ באַריכט פון די טעטיקייט
אין פאַרלויף פון די פינף מאָנאַטען, וואָס דער נייער קאָמיטעט איז
אויסגעוויילט געוואָרען, געליינענט אויסצוגען פון דערהאַלטענע בריוו,
געדעדט וועגען די געפאַלענע אין קאַמף און זייערע צילען, וועגען
אונזער חוב ווייטער צו פירן דעם קאַמף ביזן ענטגילטיגען זיג, וועגען
די וויכטיקייט פון שיקען בריוו צו די געראַטעוועטע, אויפזוכען
זיי די קרובים און שיקען אַ פּעקעל.

---

**ANOTHER GROUP OF MOGELNITZER AT THE NEW YORK MEMORIAL MEETING IN 1948**

(Seated left to right): Sam Schwartz, Nathan Lemberg, Zeidel Yoselewitch, Jack Gleimer, Hayim I. Gleimer & Henech Frisher. (Second row): Joseph Goldsheider, Shmuel Hochman, Morris Hochman, Henry Bernstein, A: Guest. (Top row): The late Jacob Rosenthal, Howard Rozalsky, Gedalia Rozalsky, Jack Goodman, Benny Abramowitz, Gabriel Weingart and Welvel Baransky.



זיצענדיג רעכט צו לינקס: הנך פרישער חיים י. גליימער,
דזשיק גליימער, זיידל יאָסעלעוויטש, נאָטע לעמבערג, זיסל
שוואַרץ; צווייטער ריי: אַ גאַסט, הענרי בערנשטיין, משה
האָכמאַן, ישעיה האָכמאַן, יאָסל גאָלדשיידער; דריטע ריי:
וועלוול באַריינסקי, גבריאל וויינגאַרטען, טוביה אבראַמאָוויטש,
יעקל גודמאַן, גדליה און האָווארד ראָזאַלסקי, דזשייק ראָזענטאַל ע"ה.

ח׳ משה אסעלקא, דעם רב׳ס זוהן, וועלכער איז ראַבינער אין פראַווידענס, איז געקומען ספּעציעל צו פליהען פון דאָרט אויף דעם „יזכור אָוועגט״, און זיין רעדע האָט געמאַכט זעהר אַ שטאַרקען איינדרוק.

ער האָט אָנגעהויבען דערמיט, אַז ער קומט נישט ווי קיין רעדנער, נאָר, ווי איין א ב ל צווישען די משפחה א ב ל י ם. גלייך מיט אַלע פאַרזאַמלטע וויל ער דערמאָנען, וואָס מיר האָבען געהאַט און פאַרלאָרען.

ער האָט פאָרגעשטעלט בילדלעך פון מזרח וואַנד אין בית־המדרש די שמואל זאנדערס, אברהם מרדכי׳ס, ישעיה נפתלי׳ס און אַנדערע, און די פון הינטערען בעלעמער די פּשוטע תהלים־אידען מיט זייער פרומקייט און ערליכקייט.

## A GROUP OF THE MOGELNITZER SISTERHOOD AT THE NEW YORK MEMORIAL MEETING IN 1948

(Seated left to right): Mollie Rosenberg, Leah Fleisher, Pessy Kaufman, Rebecca Klein, Miriam Abramowitz. (Second row): Esther Ruchel Gleimer, Pearl Lemberger, Rose Libert, Mollie Fried, Malke Siegel, Chava Chasen, Lillie Schwartz and Chave Finkel. (Top row): Yetta Gleimer, Anna Schwartz, Charne Plantzer, Mollie Markowitz, Mrs. Ch. Rothkopf, Mrs. B. Abramowitz, Leah Kleinman, Zelda Klein and A. Guest.



**אַ גרופּע פון די מאָגעלניצער שוועסטערשאַפט**

זיצענדיג רעכט צולינקס: פרוי מרים אַבראַמאָוויטש, ברכה קליין, פעסי קויפמאַן, לאה פליישער, מאַליע ראָזענבערג; צווייטע ריי: חוה פינקעל, לילי שוואַרץ, חוה חתן, מלכה סיגעל, מאַלי פריעד, רחל ליבערט, פּערל לעמבערגער, אסתר רחל גליימער; דריטע ריי: לילי שוואַרצ׳ס קרובה, זעלדע קליין, לאה קליינמאַן, מרס, ראטקאַפּ, מאלי מארקאָוויץ טשארנע פלאנצער, אַנא שווארץ, יעטא גליימער

דער מאַרק מיט די קצבים, שוסטערס, שניידערס, קרעמערס, יאַריד מיט די פּויערים, וועלכער איז ווייטער געבליבען, אָבער אָן אידען. און דאַן האָט ער פאַרגעזעצט מיט געוויין, וועלכעס האָט אַלע־מען מיטגעריסען. וועגען די יוגנט, וואָס האָט שפּאַצירט אויף די באַרג־קרעטשמע ביים „וויינגאָרטען" און היצעלס וואַלד. אַלעס איז געבליבען, נאָר פון די אידישע יוגענט, וואָס האָט דאָרט שפּאַצירט איז קיינער — קיינער נישטאָ!

אַלע אָנוועזענדע אויף דעם „אָוועגט" וועלען נאָך לאַנג געדענ־קען דעם יזכור פון משה'לע אסעלקא, אונזער רב'ס זוהן, יעצטיגער ראַבינער אין אַמעריקע.

ח' לואיס מאַרקאָוויטש רופט פאַרן רעליעף, און דער רעזולטאַט איז געווען 11 הונדערט דאָלאַר, און באַרעס געלד און נאָהענט 900 דאָלאַר אין התחיובתן.

---

## ANOTHER GROUP OF MOGELNITZER SISTERHOOD

(Seated left to right): Rose Greenberg, Yente Naomi Lasky, Sadie Fischer, Leah Frischer and Mrs. Jacob Hirsch. (Top row): Channa Diamond, Pessy Rozalsky, Ethel Charin, Frimet Falkowitz, Miriam Yoselewitch, Mrs. Nathan Rozalsky, Tillie Baretsky.



זיצענדיג, רעכט צו לינקס: אסתר הירש, לאה פרישער, סיידי פישער, מרס. לעסקי, ראָוז גרינבערג, אַ גאַסט, פּעסי ראָזאַלסקי, מרים יאָסעלעוויטש, מרס. פאַלקאָוויטש, עטעל כאַרין, הנה ראָ־זאַלסקי, חנה דיימאָנד.

## דער טאַטע בלייבט אַליין.

דער מאַמע'ס אונדערוואַרטעטער פּלוצלים'דיגער טויט, האָט אונז אַלעמען דערשיטערט. נאָר ווי שטאַרק דער ווייטאָג פון איר שטאַרבן האָט אויף אונז געווירקט, האָבן מיר אָבער באַמערקט ווי דער פּאָטער האָט אָנגעהויבן צו פּיקן זיין גרויסע עלענדקייט.

ער איז געוועזן צו שוואַך שוין אַראָב צו פּאָרען יעדן טאָג צו אונז אין געשעפט, און פלעגט קומען בלויז אין אַזעלכע טעג, ווען ער האָט געוואָלט אַוועקשיקן אַביסל געלט צו זיין קרובה אין ארץ־ישראל. מיט א יאָר אָדער צוויי פריער האָט ער געקראָגן א בריף פון זיין שוועסטער, רחל באָק'ס אַן אייניקל, בת־שבע, אַז זי וואוינט אין תל־אביב און איז פאַרהייראַט צו אַ יונגען מעכאַניקער מיט'ן נאָמען אַראָנאָוויטש. איר פּאָטער איז געוועזן דעם פּעטער אַנשל'ס זוהן בן־ציון. איז, ווען זיין געזונד־צושטאַנד האָט איהם דערלויבט איז ער אַוועק צו די קינדער און צוזאַמענגענומען קליידער, אָדער אַביסל געלט און פלעגט דאָס אָבשיקן צו דער קרובה.

אויך צו דער סאָסייעטע, פלעגט ער קומען און באַזוכן די מי־טינגען ווען זיין געזונט האָט אים דערלויבט. ביז די לעצטע טעג זיינע האָט ער גענומען אַן אַקטיווען אינטערעס אין דער אָרגאַניזאַציע, וועלכע ער האָט געהאָלפן גרינדען. ווי שוין דערמאָנט, האָט ער גע־קאָנט פּערזענליך אַלע אידישע אַקטיאָרען און טעאַטער־מענשען פון ניו יאָרק, וועלכע האָבן אים שטאַרק רעספּעקטירט. דערפאַר האָט ער געהאַט אַ פרייען אַריינטריט אין אַלע טעאַטערס. האָב איך שוין גע־וואוסט, אַז דעם שבת נאַכט ווען די סאָסייעטע האָט געהאַט אַ פאַר־זאַמלונג וועל איך געפינען דעם פּאָטער וואַרטענדיג אויף מיר אין איינעם פון די צווייטע עוועניו טעאַטערס. און אַזוי איז טאַקע געווען, אַזוי ווי איך פלעג אַריינקומען אין אַ טעאַטער האָט דער פאַרוואַלטער מיר מודיע געווען, אַז דער טאַטע וואַרט אויף מיר.

אַרויסגייענדיג פון טעאַטער, זיינען מיר געגאַנגען עפּעס עסען פאַרן מיטינג, אָבער אויף די ראַנדעוואוס האָט מיר מיין האַרץ שוין אָנגעהויבן שרעקען, אַז זיי וועלן צו לאַנג נישט אָנהאַלטן. איך האָב באַמערקט די אונגעהויערע ענדערונג אין דעם טאַטען. כמעט אַן אַנ־דערער מענש געוואָרען. ער האָט באַמערקט ווי איך באַטראַכט איהם און פלעגט זיך באַקלאָגן, — איי זוהן מיינער, נישט גוט צו ווערן אַלט. — אָבער טאַטע, פלעג איך טענה'ן — דו ביזט דאָך נישט אַזוי אַלט, יאָ, — פלעגט ער מיט אַ שמייכל ענטפערען, אָדער אַז מען פאַרלירט די כוחות, איז ניט גוט.

שפּעטער האָט מיין טאַטע זיך אויך דעראָבערט אַ סך פריינט צווישען די בעקער אינדוסטרי פון ניו יאָרק. איינער איז געווען

דזשייקאָב וואָלטערס דער פּאַרוואַלטער פון די אידישע בעקער אָרגאַ־ניזאַציע און דער צווייטער איז דער האַרציק איבערגעגעבענער מענש און פעלד־סעקרעטאַר פון די בעקערס און גרויסער ליבהאָבער פון איד־דישען טעאַטער, משה שמש.

געדענק איך אין טאָג ווען עס איז פאָרגעקומען דער גרויסער מעמאָריאַל מיטינג פאַר די געפאַלענע קדושים פון מאָגעלניצע, האָט ער געפילט זעהר אָפּגעשוואַכט אין געזונט, האָבן מיר איהם געבעטען ער זאָל בעסער בלייבן אינדערהיים יענעם אָוונט. עס האָט אָבער ניט געהאָלפען. ער האָט געמוזט אָראָפּפאָרען זיך זעהן מיט הרב משה סילק, וועלכען ער האָט,אגב, נישט געקענט פּערזענליך, און אויך זיך זעהן מיט די לאַנדסלייט, וועלכע ער האָט שוין די לעצטע צייטען נישט געזען אַזוי אָפטען. אויב איך האָב קיין טעות נישט, איז דער יזכור אָוונט געווען דער לעצטער מיטינג, וואָס ער האָט באַזוכט. אויף אַן אַנדער אָרט איז שוין דערמאָנט געוואָרען די הערליכע שטימונג ביי דער הזכרה פאַרזאַמלונג. איך האָב נאַטירליך דעם גאַנצען אָוונט געקוקט אויפן טאַטען, און מיט טרערן אין די אויגען האָב איך געזען ווי דער טאַטע האָט געוויינט בשעת הרב סילק האָט צוזאַמען מיט אַלע לאַנדסלייט געזאָגט קדיש בציבור, נאָך זייערע לאַנדסלייט און קרובים פון זייער געבורט־שטעטעל, מאָגעלניצע.

עס איז געקומען די צייט ווען מיר האָבן געדאַרפט שטעלען אַ מצבה אויף דער מאַמעס קבר. האָט דער טאַטע דורכאויס פאַרלאַנגט מיר זאָלען איינלאַדען אַלע לאַנדסלייט צו דער הקמת מצבה. מיר האָבען נאַטירליך דערפילט זיין וואונש. אויפן בית־עולם, האָט ער יעדען לאַנדסמאַן און לאַנדספרוי באַגריסט און גערעדט מיט זיי. אַהיים פאָרענדיג האָב איך באַמערקט, אַז זיינע רעיונות זיינען גע־ווען צוטראָגען. ער האָט געזאָגט, אַז ער געדענקט נישט ווי די מאַ־מע׳ס מצבה האָט אויסגעזעהן. שפּעטער האָט אונז דער הרב ר׳ ל. מאַרוויט פון דער בראָנקס, וועלכער האָט געמאַכט די מלא אויפן גוטען אָרט, אונז דערציילט, אַז דער טאַטע האָט איהם פאַרטרויעט, אַז אין יענעם טאָג האָט ער געוואוסט, אַז אַלע פריינט און לאַנדס־לייט האָבען זיך מיט איהם געזעגנט צום לעצטען מאָל.

אַזוי איז טאַקע געווען. אַ חודש שפּעטער אין מאַי 1948 איז ער אוועק־געפאַלען. טראָץ די באַמיהונגען פון אונזערע קאַזינס מאַ־ליע און הערי ראָזענבערג סעם און טשאַרנע פלאַנצער, וועלכע האָבען געוואוינט אין שכנות מיט׳ן טאַטען, און אונזערס אַ פריינדינע די אַלמנה מרס. גראָסמאַן מיט איר זוהן דוד, וועלכע האָבען געוואוינט אין זעלבען הויז, איז איהם נישט געוואָרען בעסער. אַלע שכנים פון דעם געגענט וואו ער האָט געוואוינט, ביי וועלכע ער איז געווען

באַליבט און געאַכטעט האָבען איהם כסדר מבקר חולה געווען, און מיט ווייטאָג האָבען מיר אַלע דערפילט, אַז זיינע טעג זיינען געציילטע.

אין דער דאָזיקער פאַר אונז טרויעריגער צייט, האָבען מיר באַמערקט ווי דער טאַטע האָט פאַקטיש פלוצים פאַרלאָזט די סביבה פון זיין איצטיגן צושטאַנד, און זיך אַריבערגעטראָגן צוריק אין זיין אַלטער הייב, קיין מאָגעלניצע. יעדען טאָג פלעגט ער אונז דערציילען, אַז נעכטען האָט ער געזעהן און גערעדט מיט אַן אַנדער לאַנדסמאַן, ווי צום ביישפיל, דער גרויסער גרשון, און אַלטער טויבעלעס און לאַזער שיעלע'ס, אַלץ נעמען פון מענשען וועלכע זיינען שוין לאַנג געווען אויפן עולם האמת, אָבער נעמען וועלכע זיינען אין די לעצטע טעג צוריק געקומען אין טאַטענ'ס זכרון.

מיר האָבען געהאַלטען פריוואַטע נוירסעס (קראַנקען־שוועסטערס) און דאָקטוירים פלעגען קומען יעדען טאָג, אָבער עס האָט ניט געהאָלפען. אונזער אינגערער ברודער משה, אונזער שוועסטער מאַליע און איך האָבן לויט די עצות פון אונזער דאָקטאָר אַריינגעגעבען דעם פאָטער אין איינע פון די שענסטע און רייכסטע קאָנוואַלעסענט (דערהוילינגס) פלעצער אין ניו יאָרק, נישט שפּאָרענדיג קיינע קאָסטען. דער טאַטע האָט זיך אָבער נישט געפילט באַקוועם. ער האָט בעסער געוואָלט אַ ביליגערען נאָר אַ מער אידישען פלאַץ, וואו ער זאָל זיך פיהלען מער היימיש. מיר האָבען עס טאַקע גלייך געטאָן און דערפילט זיין לעצטען וואונש.

אין דעם נייעם פלאַץ איז ער געווען בלויז איין וואָך צייט. מיר זיינען געווען מיט איהם יעדען טאָג. מאָנטאָג פאַרנאַכט דעם 21טן יוני, בין איך געזעסען מיט איהם אַ שטיק צייט, ביז ער האָט מיך געבעטען איך זאָל גיין אַהיים. איך האָב זיך מיט איהם געזעגענט און אוועק. דאָס איז געווען דאָס לעצטע מאָל, וואָס איך האָב איהם געזעהן אַ לעבעדיגען. דינסטאָג פאַרנאַכט 22טן יוני 1949 (ט״ו סיון, תש״ה) האָט ער אין שלאָף אויסגעהויכט זיין נשמה...

ער איז דעם צווייטען טאָג, מיטוואָך, געבראַכט געוואָרען צו קבורה אויף דעם בית עולם פון דער מאָגעלניצער סאָסייעטע, ביי דער זייט פון דער מאַמע'ס קבר.

נאָך דער שבעה, האָבען מיר ווידער געקראָגן בריף פון קרובים פון תל־אביב. דעם טאַטענ'ס שוועסטער רחל'ס אייניקלעך בת שבע אראַנאָוויטש און פריידל סיטשין, האָבען אָנגעפרעגט פאַרוואָס זיי האָבען שוין לאַנג נישט געהערט פון זייער פעטער יצחק. זייערע הערצער שרעקען זיי, אַז עס האָט, חלילה, עפּעס פאַסירט... וואָסאַראַ מערקווירדיגער טעלעגראַף דאָס מענטשלעכע הארץ איז!

## אַקטיווע מיטגלידער פון דער מאָגעלניצער סאָסייעטע.

עס איז שווער צו מאַכען אַ מחיצה צווישען אַקטיווע און פּאַסיווע מיטגלידער אין אונדזער סאָסייעטע. יעדער לאַנדסמאַן וועלכער איז נאָר געוואָרען אַ מיטגליד, האָט שוין באַוויזען אַז ער וויל זיין אַקטיוו, ווייל די לאַנדסלייט און די הילף־אַרבעט וואָס זיי טוען איז איהם ליב און טייער. באַלד אין די ערשטע יאָרען, זיינען אַלע פאַרזאַמלונגען געווען שטאַרק באַזוכטע מיט כמעט אַלע מיטגלידער אַנוועזענד ביי יעדען פאַרזאַמלונג. ווען מען בלעטערט דורך די פּראָטאָקאָל ביכער קאָן מען זעהן ווי לאַנדסלייט האָבען זיך געסטאַרעט און ממש געבעטען מען זאָל זיי אָנעמען אַלס מיטגלידער, און ווען זיי זיינען אריין האָט יעדער געוואָלט האָבען דעם כבוד צו טראָגען אַן אַמט, פון פּאַר־זיצער, (טשערמאַן), סעקרעטאַר קאַסירער, אָדער זיך סתם באַטייליגען אַלס איינער אין די פילע קאָמיטעטען, וועלכע ווערען פון צייט צו צייט באַשטימט אויסצופירען דער סאָסייעטע'ס רוטינע־אַרבעט.

ליידער אין די שפּעטערדיקע יאָהרען, ווען מען האָט זיך אַרויס־געצויגען פון דער איסט־סייד און זיך צעשפּרייט איבער די פאַרשי־דענע געגענטען פון גרויס ניו יאָרק, ווי ברוקלין, בראָנזוויל, בראָנקס און אפילו ניו דזשוירזי (אַ דערבייאיגע שטאַט) איז די באַגייסטערונג פון די ערשטע גרינדער אַביסעל אָבגעקילט געוואָרען. אויך דער פאַקט, אַז מען ווערט עלטער און שוואַכער און מען מוז זיך אַביסעל מער אָפּהיטען, האָט אויך פיל צו טאָן דערמיט, וואָס נישט אַלע מיט־גלידער קומען צו יעדער פאַרזאַמלונג, ווייל די פאַרזאַמלונגען קומען נאָך אַלץ פאָר אויף דער איסט סייד.

ווי מען קאָן באַמערקען פון די פריהערדיגע קאַפּיטלען, שטייען אָבער דאָך אַרויס איניגע נעמען פון מיטגלידער, וועלכע האָבען אָב־געגעבען מער צייט און מיה פאַר דער אָרגאַניזאַציע, פון אַנדערע.

ווען מען רעדט פון די אַקטיוויטעטען פון מאַרקאָוויטש, שניצער און ראַפּאַפּאָרט, מוז מען נאַטירליך דערמאָנען אַזעלכע מענשען, ווי לואי נירענבערג, וועלכער איז געווען פאָרזיצער פון דער סאָסייעטע פאַר פילע יאָרען. ער איז אויך געווען אַקטיוו אין כמעט יעדער קאָ־מיטעט און אונטערנעמונג צו העלפען דער אָרגאַניזאַציע. ליידער איז ער צו יונג געשטאָרבען, און זיין פריהצייטיקער טויט, האָט אַרויס־גערופען פיל טרויער ביי די לאַנדסלייט ווייל מען האָט געפילט, אַז זיין ענערגיע און אַרבעט וועט אונדז פעהלען.



Louis Nirenberg

לואי נירענבערג



Joseph Lemberg

יוסף לעמבערג

אייך מוז דערמאָנט ווערען די לעמבערגער משפחה, פון וועלכער דער עלטסטער, און איינער פון די גרינדער, איז געווען דעם טאַטענ׳ס נאָהענטער פריינד יוסל לעמבערגער. אויך ער האָט פילע יאָרען געדינט אַלס פאָרזיצער און געווען טעטיק ביז די לעצטע יאָרען פון זיין לעבען. ער איז נאָך אַ לענגערע קראַנקהייט געשטאָרבען אין יאָר 1949. דער צווייטער פון דער משפחה איז זיין ברודער נייטען לעמבערגער, וועלכער איז אויך איינער פון די ערשטע און אַקטיווסטע מיטגלידער אונדזערע. ער האָט אָפט פאַרטראָטן דעם אַמט פון פראָטאָקאָל סעקרעטער, און איז אין אַלגעמיין אַן איבערגעגעבענער און טיכטיקער לאַנדסמאַן.

אַ חוץ זיי איז די לעמבערגער משפחה גוט פאַרטרעטען דורך די דריי ברידער לעאָן, מיכאל און העררי. זיי זיינען זיהן פון לאַזער לעמבערגער, אַ ברודער פון יוסל און נאָטעלען, חוץ דעם וואָס לעאָן איז אָפט מאָל דערוועהלט געוואָרען אַלס פאָרזיצער, איז ער מיט זיין ברודער מיכאל, די סאָסייעטעס פאָרשטייער פאַר׳ן דזשאָינט, זיי האַלטען אָן דעם קאָנטאַקט מיט דעם „יונייטעד דזשואיש אַפיעל" און זעהן אַז מיר זאָלען געבען וואָס מער, און זיי פירען געוויינליך אויס, ווייל זיי זיינען אריינגעטאָן אין רעליף אַרבעט מיט׳ן גאַנצען האַרצען, זיי זיינען אויך מיטגלידער פון דער מאָגעלניצער רעליף קאָמיטעט. מיכאל׳ס און העררי׳ס זיהן זיינען אויך אָנגעשלאָסען ביי אונז. נאָך אַ פאַמיליע וואָס איז אַקטיוו און גוט פאַרטראָטן אין סאָסייעטע אַרבעט, זיינען די קליינס, פישעל, דזשייק און אברהם יוסף. דער עלטסטער ברודער זייערער, נתן, איז אויך געווען אַ מיטגליד ביז ער איז ליידער געשטאָרבען מיט אומגעפער צעהן יאָהר צוריק. דער אינגסטער אברהם יוסף (אייב) האַלט דעם רעקאָרד פון דינסט אַלס סאָסייעטע באַאַמטער. ער האָט אָנגעהאַלטען דעם אַמט פון פראָטאָקאָל־סעק־

רעטאר פאר א צייט פון 18 יאר כסדר, אט דער אייבי, מיט וועלכען איך בין אין מאגעלניצע געגאנגען אין איין חדר, ביי ירמיה'ן מלמד, האט אין זיך אזוי איינגעזאפט דאס שטעטעל מיט אלע אירע טיפען און מנהגים, אז טראץ דעם וואס ער איז שוין אין אמעריקע פון נאך פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה, קען ער איבערגעבען און דערציילען מעשות און אנעקדאטען פון דעם היים־שטעטל אזוי ווי עס וואלט נאר וואס פאסירט. ווען ער פלעגט זיך צוזאמענטרעפען מיט מאטעל הירש, (כשר יאנקעלע'ס זוהן) וועלכער באזיצט א שטארקע שיינע שטימע צו זינגען, ביי א שמחה אין א לאנדסמאנ'ס הויז איז גלייך געווארען פריילאך, אייבי פלעגט נאכמאכען ווי זיין פאטער שיע־אברהם־יוסף'ס פלעגט צוזאמען מיט דעם בלינדען יצחק (דער בעקער) פאר־פאסען א נייעם ניגון פאר'ן יום־טוב'דיגען דאווגען, און מאטעל פלעגט

---

**THE BANQUET COMMITTEE OF THE IND. MOGELNITZER IN 1935.**

(Seated left to right): David Tureck, Nathan Lemberg, the late Nathan Winter, Philip Klein and William Baransky. (Standing): The late Jacob Rosenthal, Jack Smith, Harry Sysler, the late Morris Kleinman and Nathan Schwartz.



**די באנקעט קאמיטע אין יאר 1935**

זיצענדיג רעכט צו לינקס: וועלוול באריינסקי, פישל קליין, נטע ווינטער ע"ה, נטע לעמבערג און דוד טורעק; שטייענדיג רעכט צו לינקס: נחום שווארץ, משה קליינמאן ע"ה, הערי שישלער, דזשייק סמיטה און דזשייק ראזענטאל ע"ה.

זינגען, און פֿאַרשטעלען ווי דער שטומער, הערשל טאַפּער׳ס פּלעגט זיך דורכשמועסען מיט זיין פאַמיליע, האָבען זיי פריילאַך געמאַכט ביז גאָר. פישל׳ס צוויי זיהן און דזשייק׳ס זיהן און איידעם זיינען מיטגלידער.

דעם צווייטען רעקאָרד פאַר לאַנגיאָריגער דינסט קומט צו אונזער פינאַנץ סעקרעטער הערש שישלער, דער זוהן פון יעקב (דזשעק) שישלער, אַ שוואָגער פון פישל ביאַליוואַנס דער מאָגעלניצער בעקער, אַ חוץ הערי׳ן באַלאַנגען אויך די צוויי אינגערע זיהן אַלבערט און סעמועל שישלער, און אויך זיי אַרבעטען צוזאַמען מיט זייער פאָטער דזשייק, וועלכער איז אַ מיטגליד פון דער רעליף קאָמיטע.

נאָך שישלער׳ן האָט דעם אַמט אַלס פינאַנץ־סעקרעטאַר איבערגענומען מאָו מאָרגאַן, דער איידעם פון אונזער פאַרשטאָרבענעם גרינדער, יאָסל לעמבערג. ער האָט זיך גוט אויסגעצייכענט אין זיין אַרבייט. דער איצטיגער פינאַנץ־סעקרעטאַר איז ווידער דזשעק סמיטה.

דער סעקרעטער פאַר שישלער׳ן איז געווען, דער פעהיגער משה קליינמאַן ע״ה, מאָרים קליינמאַן דער מאַן פון לאה׳קע, וואָלפּציק׳ס טאָכטער, האָט אַליין געשטאַמט פון גריצע, און טראָץ דעם וואָס ער איז געווען אַ מיטגליד אין דער גריצער סאָסייעטע, האָט ער אָבער צוליב לאה׳קען אויך באַלאַנגט צו די מאָגעלניצער, וואו ער האָט פאַר אַ לאַנגע צייט געדינט אַלס פינאַנץ סעקרעטער און געווען איינער פון אונזערע אָנגעזעהענסטע מיטגלידער.

ליידער, איז ער צו יונג געשטאָרבען, און די סאָסייעטע האָט אויך אין איהם פאַרלוירען זעהר אַ טיכטיקען מיטגליד. אויך זיינע צוויי שוואָגערס, די ברידער יעקב און אברהם חתן, ע״ה, די מענער פון וואָלפּציק׳ס עלטערע טעכטער טאָבע און חוה׳לע זיינען פריצייטיג



JACOB CHASEN

יעקב חתן



NATHAN KLEIN

נתן קליין



ABRAHAM CHASEN

אברהם חתן

אוועק פון אונז, אָבער משה קליינמאַנ'ס זוהן דזשאָזעף און אברהם חתנ'ב איידעמס, לעשער און סאָלינגער די מענער פון זיין און חוה'ס צווילינג סילוויאַ און סידני זיינען אָנגעשלאָסען אין אונזער אָרגאַ־ניזאַציע.

איינער פון די אַקטיווע מיטגלידער איז געווען חיים גרינבערג, אַ זוהן פון איטשע איד פון מאָגעלניצע. באַלד פון ערשטען טאָג אָן האָט ער שטענדיג געהאַלטען אַ וויכטיקען אמט, ער האָט געדינט אַלס פראָטאָקאָל סעקרעטאַר און אָנגעהאַלטען דעם אמט פון פאָרזיצער פאַר פילע יאָרען, און אין כמעט יעדען קאָמיטעט לטובת דער סאָסייעטע געפינט מען זיין נאָמען. זיין זוהן משה און זיין ברודער שמואל באַלאַנגען אויך צו די מאָגעלניצער.

---

**THE BIGELMAN-GREENBERG FAMILY IN 1914.**

(Seated left to right): Anne Bigelman, Yachet and Louis Bigelman. (Standing): Sam Greenberg, Anna Stein and Hyman Greenberg.



**די ביגעלמאַן - גרינבערג פאַמיליע אין 1914**

זיצענדיג רעכט צו לינקס: לאָזער ביגעלמאַן, יאַכעט ביגעל־מאַן, חיה ביגעלמאַן; שטייענדיג רעכט צו לינקס: חיים גרינ־בערג, עני סטיין און שמואל גרינבערג.

היימי גרינבערג ע"ה, זיין ברודער שמואל, ווי אויך זייער שוועס־
טער הינדע זיינען געוועזען קרובים פון טאטנ'ס צד פון דער היים.
דא אין אמעריקא איז די קרובה'שאפט נאך פארשטארקערט געווארן,
ווען מיין פעטער ליבוש האט חתונה געהאט מיט יאכעט'ס טאכטער
הינדע. פאר א צייט האט דער פעטער ליבוש (לואי סטיין) געוואוינט
אין דער מיטל־וועסט, נאר די לעצטע יארן האט ער געוואוינט אין
נייעק, א קליין שטעטל לעבן ניו יארק. זיין אלמנה, הינדע (עני
סטיין) און זיין איינציגע טאכטער סיידי מיט איר מאן דר. שעכנער
און זייערע צוויי טעכטער וואוינען נאך איצט אין נייעק.



Israel Goldberg

איינער פון אונזערע גרינדער איז אויך ישראל
גאלדבערג (דער שטאלענער) ער איז עטליכע טער־
מינען אויך געווען פראטאקאל סעקרעטער. צוליב זיין
געזונדט־צושטאנד האט ער זיך אבער געמוזט צוריק
ציהען פון זיין אקטיוו. זיינע זיהן היימי, דר. פיליפ
און משה, ווי אויך זיינע איידימס אל הערטער און
דזשעק בעלאסקי זיינען אויך מיטגלידער.

צו די מיטגלידער וואס זיינען נישט געבוירען אין אונזער שטעטל
נאר וועלכע האבען חתונה געהאט מיט מאגעלניצער פרויען און אזוי
נאך געהאט די זכיה צו זיין מיטגלידער, מוז מען דערמאנען נחום
שווארץ, א געבוירענער אין שידלאווצע, וועלכער האלט יארענלאנג
אן דעם אמט פון קאסירער, ווייל ער האט זיך ארויסגעוויזען צו זיין
פארטרויענסוויכטיג. זיינע זיהן און אן איידעם זיינען אויך מיטגלי־
דער. צוויי מיטגלידער געבוירענע ווארקער, זיינען דוד טורעק און
הענעך פרישער ביידע מאגעלניצער איידעמס. טורעק טראגט דעם
אמט אלס האספיטעלער, וועלכער האט צו טאן מיט מיטגלידער, וועל־
כע ווערען חלילה, קראנק. און פרישער איז אונזער פארטרעטער צו
דער ארגאניזאציע „האיאס", זעהר אקטיוו איז אויך געווען דזשעק
סמיטה, דער מאן פון חיה'לע פיימאן (ביילע רעבל'ס טאכטער), וועל־
כער איז דער איצטיגער פינאנץ־סעקרעטאר. אויך לואי ראטהבערג,
דער מאן פון ביילע רעבל'ס טאכטער יעטא, ביידע שוין ע"ה. זייער
זוהן סידני ראטהבערג אן אדוואקאט, איז א מיטגליד. לואי ראטהבערג
איז איניגע טערמינען געווען פארזיצער און ביז זיין טויט, געווען
זעהר אקטיוו.

D. Abramowitz - M. Finkel - N. Danziger - L. Rothberg






לואי ראָטבערג, נייטן דאַנציגער, מטות פינקעל, דוד אַבראַמאָוויטש

דאָס שטעטל בלענדעוו איז געווען פאַרטראָטען דורך נייטען דאַנציקער ע"ה, און צום לעבען, זיין שוואָגער דזשייק גוואַרדיאַק און איזידאָר בערלינסקי, נייטען'ס זוהן, סעם דאַנציגער, דער אַדוואָקאַט, איז נאָך זיין צוריק קומען פון דער מלחמה אריין אַלס מיטגליד אין דער כאָסייעטע. נאָך צוויי אַקטיווע מענשען זיינען די ברידער יעקב (דזשייק) און חיים יצחק גליימער, דזשייק איז אויך איינינגע מאָל געווען קאַסירער און חיים יצחק איז פאַר איינינגע טערמינען געווען פראָטאָקאָל סעקרעטער, אויך מיין שווער אברהמטשע פליישער איז פילע יאָרן געווען פאָרזיצער און סעם שוואַרץ (דעם גרויסן יהיאל'ס זוהן) איז נאָך היינט דער וויצע פאָרזיצער, זיינע זיהן הערָאָלד און וואָרען זיינען אויך מיטגלידער. דעם טאַטענ'ס פלימעניק, ראובן פלאַנצער, איז אויך אַ מיטגליד, נאָר קאָן צוליב זיין פארבינדן אין זיין געשעפט ליידער נישט זיין צו טעטיק. אָבער ער באַטייליגט זיך אין אַלע אַקציעס נוגע רעליף, דאָס זעלבע קאָן געזאָגט ווערען פון די ברידער גוטמאַן, איטשע, יאָסעל, בנימין און יענקל (ישראל־לאַזער'ס זיהן), ווי אויך אברהמטשע קויפמאַן, זיין שוואָגער הערשל (עבער'ס זוהן) די ברידער יצחק און אַברהם דימאַנט, אַברהם דימאַנט וועלכער איז אַן אָפטער באַזוכער ביי די פאַרזאַמלונגען האָט אויך אַריינגעבראַכט אַלס מיטגליד זיין איידעם אַלבערט באַריש, וועלכער האָט אין נאָמען פון זיין יונג־פאַרשטאָרבענער פרוי, רבקה ע"ה, געשיקט אַ גרויסע סומע געלט צו אונזערע לאַנדסלייט אין ישראל, צו פאַראייביגען איר נאָמען אין הייליגען לאַנד.

פון לייבוש ראַפּאַפּאָרט'ס משפחה, באַלאַנגעןביידע זיהן שלמה און משה, און די איידעמס יוסל פליישער, דזשייק פריד, משה ליבערט און סעם גאָלדמאַן. פון די מאָגעלניצער וואָס קומען אַזוי אָפט צו די פאַרזאַמלונגען ווי די אומשטענדן דערלויבען זיי, זיינען אידעל שפאַן (מעכל איינבינדער'ס אַ זוהן), גבריאל וויינגאַרט, חיים בעלמאַכער,

משה פליישער, מיינע שוואָגערס מטות יורי, איזי ווארשאו און מאָריס פליישער, מײלעך ראָזענטהאַל, אברהם פרידמאַן, שמעון באַראַנסקי מיט זיינע זיהן וועלוועל און ליפּע. אָט דער וועלוועל באַראַנסקי, אויך מיינער אַ חבר פון ירמיהו׳ס חדר, איז געווען דער ערשטער סיסטעמאַטישער פּראָטאָקאָל סעקרעטער, וואָס אונזער סאָסייעטע האָט ווען געהאַט. ער האָט איינגעפירט נומעראַציעס און אַלפאַבעטישע קארטען וואָס האָט דערמעגליכט לייכט צו געפינען דעם סטאַטוס פון יעדען מיטגליד און אויסצוזוכען יעדע פּאַסירונג וואָס איז פּאָרגעקומען אין דער אָרגאַניזאַציע. אַ שאָד וואָס ער קען נישט אָבגעבען מער צייט פאַר אונזער סאָסייעטע. שמעונ׳ס איידעם לואי גאָלדמאַן, ווי אויך דזשייק ראָזענצווייג, דעם קאָבעליאָש׳ס אַן איידעם, זיינען אויך וויכטיגע מיטגלידער.

עס איז ווינשענסווערט צו דערמאָנען, אַז צוליב דעם וואָס דער טאַטע פּונקט ווי די אַנדערע פון די עלטערע מיטגלידער האָבען זיך צוליב זייער געזונד צושטאַנד געמוזט צוריקציהען פון דער אַרבעט, זיינען צו אונזער רעליעף אַרבעט צוגעקומען צוויי נייע און ענערגישע יונגע מיטגלידער וועלכע האָבען פלייסיג דערפילט זייערע פליכטען.

דער ערשטער איז סאָול ראָטקאָפּף, אַ יונגער מיטגליד אַ קרוב פון דער שישלער משפחה. ראָטקאָפּף וועלכער איז אַליין געווען אַ געפאַנגענער פון די נאַציס ווען זיי האָבען פאַרכאַפּט די פּוילישע אידען אין פראַנקרייך, און זיך אַרויסגעראַטעוועט מיט זיין פרוי פון קאָנצענטראַציע לאַגער, איז גלייך ווי ער איז געוואָרען אַ מיטגליד אין דער מאָגעלניצער סאָסייעטע אַריין אין רעליף קאָמיטעט און גענומען אויף זיך די היילינגע אַרבעט פון שיקען די שפּייז־פּעקלאַך צו אונזערע לאַנדסלייט, וועלכע נויטיגען זיך אין זיי. ער מיט דער הילף פון זיין פרוי האָבען פרייוויליג אַוועק געגעבען זייער צייט און מיה און אַליין געקויפט און געפּאַקט די שפּייז און עס דערנאָך אַדרעסירט און אַליין אַוועקגעשיקט דורך דער פּאָסט.

משאַרלי ראָטקאָפּף האָט ווי אַלע פּליטים פיל דורכגעמאַכט אין די היטלער קאַצעטן. זיינע איבערלעבונגען דאָרט קאָן מען זען פון דעם איינדרוקפולן ליד זיינס, וואָס מיר דרוקן דאָ איבער:

## די שיינע וועלט

די שיינע וועלט, גאָט׳ס וועלט
האָט אויפגעוואַכט מיט זון און פּראַכט
פעלדער און ביימער מיט לעבנס געדראַנג
וויגן זיך מיט צו זייער מאָרגענס געזאַנג

אַ שיינער זיסער פרימאָרגן געקומען
אַלץ אַרום אין אָרעמס גענומען
צעשטראַלט זיך די זון אַזוי העל און ברייט
מיט וואַרעמקייט און ליכט די וועלט פאַרשפּרייט
אַ שאַנדע האָט אָבער די זון אָנגעכאַפּט
ווען איר ליכט אין געטאָ האָט זיך אָנגעקלאַפּט
פאַר איין אויגנבליק דאָרט זיך פאַרהאַלטן
און דאָס פּנים באַלד אונטער אַ וואָלקן באַהאַלטן
עס שעמט זיך די זון, זי וויל דאָרט נישט קוקן
זי ווייסט מיט איר ליכט וועט זי דאָרט נישט דערקוויקן
די שאָטנס די שוואַרצע אין פינסטערן ווינקל
עס איז בעסער און לייכטער דאָרט ווען עס איז טונקל
שטעך־דראָט אַרום, פון די מערדער באַוואַכט
דערשטיקט איז דאָס לעבן, אַ שטענדיגע נאַכט
אָהן מוט, פאַרשמאַכט פון הונגער און נויט
טויזנטער לעבנס וואָס וואַרטן אויף טויט
דעם טויט וואָס לייזט אָפּטמאָל אויס פון דעם פּיין
מען מיינט אַז עס דאַרף און עס מוז אַזוי זיין.

דער אמת פון רעליף סעקרעטאַר איז געפאַלן אויף דעם זעהר ענערגישען און טעטיגען מיטאַרבעטער געצל דוד גוטערמאַן און אָט לאָמיר דאָ גלייך זאָגען אז די ארבעט פון קויפען פּאַקען און שיקען די שפּייז־פּעקלאַך, ווי שווער עס זאָל נישט זיין פאַר איין מענטשען, טוט דאָס געצל באהבה, נישט בלויז דאָס, ער איז אויך פאַרבונדען שריפטליך מיט יעדען מאָגעלניצער לאַנדסמאַן אין וועלכען טייל ערד־קוגל יענער זאָל זיך ניט געפינען. ער איז אין שטענדיגן קאָנטאַקט מיט די פּליטים. שוין נישט איין פאַרוואָגעלטען לאַנדסמאַן, און אפילו פרעמדע וואָס ער זאָל נישט האָבען אויסגעפונען זייערע קרובים אין אַמעריקע. ער טוט ווירקלאַך אַרבעט איבער די כוחות. דעם געצל'ען געדענק איך נישט פון דער היים, אָבער זיין זיידען ר' מאָטעל מאיר נח'ס געדענק איך גוט, ער פלעגט זיין אַן אָפטער אַריינגעהער צו מיין רבי'ן, דעם מלמד ר' ירמיהו. געדענק איך איינמאָל ווי דער ר' מאָטעל מאיר נח'ס מיט דער לאַנגער ליולקע ציבוך אין מויל איז אַריינגעקומען אַמאָל און פאָרגעשטעלט זיין איידעם ר' יצחק פאַר'ן רבי'ן. דאָס האָט ער געזאָגט איז זיין טאָכטער געלע'ס מאַן. דער ר' יצחק און די טאָכטער געלע, זיינען דאָס געווען געצל'ס עלטערען, געצל'ס פעטער, ישראל יצחק האָפמאַן, וועלכער געפינט זיך איצט אין

אמעריקע, אין פראָווידענס, איז אַגב געווען מיין ערשטער לערער אין צייכנען. פונקט ווי אַלע אונזערע לאַנדסלייט האָט געצל פאַרלוי־רען אייגענע נאָהענטע פון זיין פאַמיליע. זיינע צוויי ברידער זיינען געפאַלען אַלס קעמפּער קעגען די נאַצישע רוצחים, אויך זיין פרוי, וועלכע איז אַ טאָכטער פון נחום (יאַמסקע׳ס) ווינטער, האָט פאַר־לוירען איינציגע נאָהענטע פון איר משפּחה, דער איינציקער טרייסט פאַר אונזער טיכטיקען סעקרעטאַר געצל גוטערמאַן, איז זיין שוועס־טער גוטע, וועלכע איז אַ גוט באַגאַבטע דיכטערין מיט וועלכע יעדער מאָגעלניצער קאָן זיין שטאָלץ, זי איז גוט באַקאַנט אין די אידיישע ליטעראַרישע קרייזען איבער גאַנץ אייראָפּע.



## גוטע גוטערמאַן

באַגאַבטע פּויליש־אידישע דיכטערין, גע־בוירען אין מאָגעלניצע. זי איז אַן אייניקל פון מאָטל מאיר־נח׳ס.

איך דרוק דאָ איבער צוויי פון אירע לידער, וועלכע זיינען דער־שינען אין די „אידישע שריפטן״ פון לאָדזש 1947: די לידער הייסען „מיין טויטע מאַמע״ און „אַ בריוו צום טאַטן״. איך האָב בכיון אויס־געקליבען די צוויי לידער ווייל איך האָב געהאַט די זכיה צו קענען ביידע עלטערען פון דער דיכטערין.

## מיין טויטע מאַמע

אין אַש פון פאַרברענטע יאָרן
ליגט צעוואַלגערט די טורמע־מויער, —
מיין טויטע מאַמע וויינט אין מיין זכרון,
אַנגעשפּאַרט אָן אַ טונקעלן טויער.

זי רופט אויס די נעמען פון אירע זין,
וואָס שלאָפן צעזייט איבער דער וועלט.
שטייט אויף יצחק—דער עלטסטער—אונטער בערלין
פונעם ביינער־טאָל אויף אַ פעלד.

קומט דער מיטלסטער — אריה — פון גערטאַ צוגיין,
פון אונטער משאות ציגל רויטע.
פון וועלכן תהום עס גייט אויף דעם יינגסטנס געביין
דאָס ווייסן נאָר די טויטע.

בלויז איין זון האָט אין לעבן פאַראנקערט זיין קראַפט
האָט די מאַמע זיין אַדרעס פאַרגעסן.
זי קלאַפּט אין די טויערן פון פאַוויאַק, און קלאַפּט
אין די טירן פון קאַרטוז־בערעזע.

יאָרנלאַנג האָט איר טרער אים געוואַרעמט, געבריט
דורך די פינצטערע טורמע־געוועלבן.
אויך איצט פלאַטערט אום איר נשמה און היט
און קרייזט אויף די ערטער די זעלבע.

זי רופט אירע טויטע זין אַהער,
זיי פליען־אָן ווי שטערן פון אין־סוף.
אַ שעפטש פליסט אַרום ווי דער פלוס פון אַ טרער,
איך הער אים ביינאַכט דורכן שלאָף.

די מאַמע ברעכט זיך פאַרצווייפלט די פינגער,
עס קרעכצן די קנאָכן פון אירע הענט.
איך רוף זי, איך שריי אויס דאָס האַרץ און די לונגען
עס שלאָגט אָן מיין קול אָן די שטוביקע ווענט.

די מאַמע בלאָנדזשעט, זוכט איבער לאַנגע קאָרידאָרן
און קאַרצערס, — זי מונטערט אַ וועכטער.
זי ווייס נישט — ווייזט אויס — אַז אין משפּט פון יאָרן
איז איר זון אַרויס דער גערעכטער.

איר לעצטער זון טרעט איצט פריי אויף דער ערד
און באָדט זיך אין דער זון, דער הייסער.
מיין מאַמע האָט די בשורה שוין נישט געהערט.
(ווער שיקט דען אַ בשורה צו מתים?)

מיין טויטע מאַמע וויינט אין מיין זכרון,
אָנגעשפּאַרט אָן אַ טונקעלן טויער.
אין אַש פון פאַרברענטע יאָרן
ליגט צעוואַלגערט די טורמע־מויער.

פּאַריז, 1947

# אַ בריוו צום טאַטן

ב׳זע: וויגסט זיך איבערן חומש און רש״י.
די באָרד אין זאַק אַש איינגעטונקען פון ירמיהו הנביא
ב׳וויים: ס׳איז דאָרט פסח אַצינדער.
דו פרעגסט זיך און ענטפערסט אַליין אויף דער קשיה,
דער מרור איז ביטער, צעקייסט ביזן סוף אים
און ווען אָנגעלענטערהייט דו דרעמעלסט איין מיד
די מצה גייט בלענדנדיק אויף פאַר דיין אויג ווי אַ וואונדער.
דורך אַ פאָרהאַנג פון טרערן באַווייזט זיך דער שבת פאַר דיר.
דיין קאַפּאָטע פאַרגאַרטעלט מיט אַ לאַנגן שנור יאָרן פון גלות
ציט אַראָפּ צו די ערד דיינע פּאָלעס.

מיט אַ בליק אויפן ליידיגן כוס ביסטו יוצא,
און דיר פעלט אַ כזית, דיר פעלט נישט קיין סך
איבער וואָס נאָר צו מאַכן המוציא,
און פאַרפאַסט מיט אַ פראָסטן פאַרנאַכט.
אויף דיין טעגעלך אַלפּאַגן כאַלאַטל,
גליט פון האָס אַ צעצונדענע לאַטע.
אין בית־המדרש צו גיין האָסטו מורא
צינדט די שקיעה ביים פענצטער דיר אָן אַ מנורה.
פאַרבראָכן די הענט שמונה עשרה,
צעוואַקלט דיין שאָטן אויף טונקעלע ווענט פון דער דירה.
קאָן זיין אפשר טראַכסטו פון מיר איצט?
אז האָסט מיך פאַרשפּאַרט אויפן שלאָס ווען איך בין נאָך געווען
א קינד
און פאַרהאַלטן אין שטוב—מיך געקאָנט האָסטו פונקט ווי דעם ווינט.
א ווינט קומט א סך מאָל צוריק אויף דורכזיכטיקע פליגל געטראָגן
צי וועט מיך דער גורל פאַרפירן צוריק,—כדי אויף דיין קבר צו קלאָגן?
אָט, טאַטע, וואָס איך וויל דיר זאָגן:
די זיפצן, וואָס דריקן דאָס הארץ דיר אין וויטיק
צעקרישלטע וואַלטן צעפּאַלן אין לופט אין באַפרייטער

װען קומסטו דאָ אַהער.

און דײַן בליק, װאָס געװאָגלט האָט נאָר איבער שטײנער
װאָלסטו אפשר צום הימל פאַררױסן
און דערזען, אַז: נישטאָ דאָרטן קײנער!
בלױז שטאָלענע פײגל מיט זון און מיט שטערנס זיך גרױסן.
נאָר צי איז דען מעגלעך אַ דעמבענעם שטאַם איבערפלאַנצן?
צי איז דען מעגלעך דײַן אַלטע קאַפּאָטע אױפסניי איבערשנײַדן־
אינגאַנצן?

דײַן האַנט אײַנגעקלעמט אין רציעות מיט תפילין
ציט זיך אַלץ עמעצן בענטשן.
די רופסט: שמע־ישראל! אין תהום פון געפאַלענע מענטשן
נאָר אין שרעק האָסט דאָס האַרץ נישט פאַרלױרן
כ'זע: די שפּריײַזט דורכן פלאַס, צעשמײכלט, געהאַלזט מיט דײַן ספר־
תורה.

דײַן שמײכל װעט קײן פרײד אין מײַן האַרץ שױן נישט לאָזן געבױרן
ס'װעלן די האָר אױף דײַן קאָפּ שױן קײן שװאַרצע צוריק מער נישט
װערן,

דאָס קען נאָר אין חלום געשען, אָבער נישט אױף דער װאָר.
באָברויסק, אין אַפּריל, ס'אײנאונפערציגסטע יאָר.

---

אין אָנפאַנג פון יאָר 1951 איז גיטע גוטערמאַן מיט איר מאַן געפאָרן זיך באַזעצן אין זײער נײער הײם אין מדינת ישראל, װאו מיר האָפן, זי װעט פאָרזעצן איר גלענצענדע ליטעראַרישע קאַר־יערע.



# מאַגעלניצער אין קענזעס סיטי.

אַזוי ווי איך האָב באַשלאָסען אַרויסצוגעבען דעם בוך, האָב איך זיך גלייך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט אַלע מאַגעלניצער פון די קלענערע אָדער גרעסערע שטעט אין אַמעריקע. איך האָב פאַרלאַנגט אַ שטיקעל געשיכטע ווער עס זיינען געווען די פּיאָנערן פון אונזערע לאַנדסלייט אין זייער שטאָט, זייער באַשעפטיגונג, וואָס זיי האָבען אויפגעטאָן אויפ'ן געביט פון העלפען אונזערע לאַנדסלייט, וכדומה.

פון קענזעס סיטי, וועלכע איז שוין דערמאָנט געוואָרען וועגען דער הילוקי העזות באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה מיט אונזער ניו יאָרקער סאָסייעטע, איז מיר שווער געווען צו קריגען אַביסעל געשיכטע. דזשעק לערנער, וועלכער איז אָפט געקומען קיין ניו יאָרק, פאַר זיינע געשעפטען האָט מיר אָפט געזאָגט, אַז דער איינציגער וואָס וואָלט דאָס געקענט טאָן איז זיין פאָטער, פרץ לערנער.

איך בין קיינמאָל נישט געווען אין קענזעס סיטי און פרץ איז קיינמאָל נישט געווען אין ניו יאָרק, נאָר דעם זומער פון 1949, איז פרץ לערנער, וועלכער איז שוין אין די פאַראייניגטע שטאַטען 28 יאָר, און דורכגעמאַכט דעם גאַנצען עטאַפּ, אין ליידען און פריידען, ווי מיר אַלע אין אַמעריקע, געקומען אויף אַ באַזוך צו זיין אינגסטע טאָכטער העלען און איר מאַן, מייקעל ספּינדלער, וועלכע וואוינען אין מאַנהעטען ביטש, ניו יאָרק, האָבען מיר זיך באַגעגנט.

פרץ האָט מיך נישט געדענקט פון מאָגעלניצע, איך איהם יאָ. איך האָב איהם געדענקט פון די יאָרען 1902 אָדער 1903, ווען אַלס יונגערמאַן האָט ער איינמאָל אויפגעפירט אַ חסידיש'ען ספּעקטאַקעל פאַר'ן רבין ר' משה'לע אין וואַרשעווער חסידים שטיבעל ביי מיין זיידע הערשעל שניידער אין אַלקער. ער האָט זיך פאַרשטעלט מיט אַ ווייסער לאַנגער באָרד און געזונגען „גבאי, וואָס וויל דער רבי", דאָס ליד איז דאַן געוואָרען אַזוי באַליבט אין מאָגעלניצע, אַז קינד און קייט האָבען עס מיטגעזונגען.

שפּעטער אין אַמעריקע האָבען מיר געהערט, אַז ער איז געוואָרען אַ מאַרשעליק און ער האָט געהייסען „פרץ מאַרשעליק" — ווען איך האָב איהם דערזעהן אין ניו יאָרק, איז ער נאַטירליך שוין נים געווען דער יונגערמאַן (איך, אויך נישט) אָבער: טראָץ זיין אָבגעשוואַכטען געזונט האָט ער נאָך זיין אַמאָליגען לעבענס־פייער און איבערהויפּט זיין אהבה צו אונזערע לאַנדסלייט, ער איז געווען ביי

צווי באַרזאַמלונגען פון דער אינדיפּענדענט מאָגעלניצער באַבייעטע אין ניו יאָרק און ער האָט זיך פּונקט אַזוי געפרייט מיט אַלע לאַנדס־לייט ווי מיר אַלע מיט איהם, אַלזאָ איך האָב איהם איינגע׳טפּאַנט צו שרייבען די קענזעס סיטי געשיכטע און אַט וואָס ער שרייבט:

דער ערשטער פון מיין משפחה צו קומען קיין קענזעס סיטי איז געווען מיין ברודער איטשע, דאָס איז געווען אין אָקטאָבער 1909. אין קענזעס סיטי איז דעמאָלט געווען מר. ביליקאוו, יעקב שיפ׳ס איידעם, דער דירעקטאָר פון די אימיגריישאָן אָפיס, הט איהם דאָן אויסגעפונען אונזער לאַנדסמאַן עקיבא האַממער, און ביי איהם האָט ער דעמאָלט געאַרבייט 1 יאָהר און אויף דעם צווייטען יאָהר זיך גע־עפּענט אַליין אַ שוך־שאָפּ. אין 1911 האָט ער געשיקט נאָך מיין ברודער ישראל, זיי האָבען געאַרבייט צוזאַמען אַביסעל, און ישראל האָט געעפּענט נאָך אַ שאָפּקע.

אין 1913 נאָך שבועות זיינען ארויסגעפאָרען מיין פאָטער אברהם לערנער ע״ה מיין מוטער טובה ע״ה מיינע דריי ברידער משה 14 יאָר און מיין ברודער בעני 10 יאָהר און זאַלמאַי אויף אידיש „זרח״ 5 יאָהר אַלט. מיינע צוויי שוועסטער אסתר און שרה־לאה, זיינען גע־בליבען אין מאָגעלניצע אויף נאָך אַ יאָהר. אין מאַי 1914 האָב איך זיי אַריבערגעפירט די גרעניץ אין מלאַווא, איך האָב דאָרט געהאַט אַ גוטען פריינט אַ כלי־זמר איז ער מיט זיי אַריבערגעפאָרען די גרעניץ מיט אַ „פּול פּאַסעק״ און איך האָב געזאָלט קומען צום נעקס־טען יאָהר. אין צווייטען יאָהר אָבער, יולי 1914, איז אויסגעבראָכען די ערשטע וועלט־מלחמה, און איך בין געבליבן פאַרשטעקט ביז 1921, ווען אין חודש מערץ האָב איך פאַרלאָזט וואַרשע, איך און מיין ווייב ע״ה מיט 6 קינדער יעקב יצחק 16, הערש נאָטע 13, אַ טאָכטער שרה׳לע 11, לאה׳לע 9, משה 5, און אַביגדור 1 יאָר און אַ האַלב, און מיר האָבן געלאַנדעט אַפּריל 17טן אין ניו יאָרק און פון דאָרט גלייך אַוועק נאָך קענזעס סיטי.

מיר האָבען דאָ שוין געטראָפען אברהם קייזער מערקער און האַנטשע און קארל האַממער, אויך משה און אהרן פלאַנצער, קאַזינס פון ראובן און לאה און מאַליע און סעם פלאַנצער און ווי אויך מיין ווייבס קאַזין, נאָך אַ מאָגעלניצער לואי פלאַנצער, אהרן פלאַנצערס פון ניו יאָרק אַ ברודער, און נאָך משפחה פון מיין ווייב בעני און אייב סטאָלער.

אין דעם קאַפּיטעל, וועל איך זיך באַמיהען געבען אַן אָפּשיין

פון א הייפעל מאַגעלניצער לאַנדסלייט, וואָס אַרבייטען שוין 30 יאָהר און א לאַנדסמאַנשאַפט פאַראיין, וואָס רופט זיך מיט די ראשי תבות ב. מ. ב. ג. ב׳ פאַר בלענדעווו, מ׳ פאַר מאַגעלניצע, ב׳ פאַר ביאַלע, און ג׳ פאַר גריצא.

די ב. מ. ב. ג. האָט זיך געגרינדעט אַלס א רעליעף פאַראיין, נאָך אין 1918. ווייל אַזוי ווי מאַגעלניצער זיינען געווען ווייניג, האָט מען געמוזט בשותפות ארבייטען מיט נאָך אַנדערע לאַנדסלייט פון איין געגענט ביז 1920, האָבען זיי געשיקט רעליעף, געוויינליך ווער עס האָט געהאַט א משפחה אין זיין שטעטל. קיין אַלגעמיינע סומע פאַר אַלעמען האָט מען נישט געקענט שיקען, דעריבער איז אַלע מאָל ארויסגעקומען פאַרשידענע חלוקי־דעות, עס פאַרשטייט זיך, „קנאה שנאה", ביז דער פאַראיין איז פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַן אַרביי־טער רינג ברענטש, אונטער דעם נאָמען ברענטש 184 א. ר. ווען איך בין אין 1921 געקומען קיין קענזעס סיטי, האָב איך שוין קיין לאַנדס־מאַנשאַפט פאַראיין נישט געפונען און איך אַליין האָב נישט געקענט אָנפאַנגען צו אַרבייטען, ווייל אַז מען קומט קיין אַמעריקע א מאַן און א פרוי און 6 קליינע קינדער אין די אָהרען פון 16 ביז 1½, האָט מען נישט געקענט אָפּגעבען זיך מיט קיין כלל־אַרבייט, און אַזוי איז עס געשלאָפען ביז בעני העלמער, אָדער ווי מען האָט איהם גערופען בעריש שמעון יחיאל׳ס, אָדער (בעריש ביק) אין גריצא. ער איז באַקאַנט פאַר אָרגאַניזאַציאָנס פעהיגקייטען. ער איז א גריצער, אָבער זיין פרוי איז א מאַגעלניצערין (זי איז מאיר ישראל אינגעלס א טאָכטער, זי הייסט חנה) האָט ברוך צוזאַמען מיט אַברהם קייסער אָדער אברהם מערקער, גענומען אויפבויען דעם פּראָגרעסיוו אָרדער אָוו ב׳ מ׳ ב׳ ג׳ קענזעס סיטי, מיזורי.

דאַן האָב איך, דער שרייבער פון די שורות אויך זיך אַריינגע־וואָרפען אין דער אַרבייט. מיר האָבען אויך אַריינגעצויגען מיין פאָטער אברהם הענעס ע״ה, מיינע 5 ברידער און 2 שוועסטער מיט זייערע מענער.

מיין אָנקעל איטשע לייבוש ביטנער מיט זיינע קינדער, דאָס האָט געווים געקענט זיין אין יאָהר 1928 און דאַמאָלסט האָט זיך אָרגאַניזירט א שיינער פאַראיין פון די 4 שטעטלאך. בענע העלמער און איך, האָבען זיך פאַרנומען צו אָרגאַניזירען קאָנסטרוקטיווע הילף נישט בלויז קיין צדקה.

מיר האָבען אָנגעפאַנגען מיט א באַל און טאַנץ, און מיר האָבען זיך געמאַכט א ציל צו ברענגען דעם פרעזידענט אברהם מערקער,

וועלכער איז נאָך פרעזידענט עד היום, א סומע נישט ווייניגער ווי 1,000 דאָלער, אָבער דער דערפאָלג איז געווען אזוי גרויס, אז מיר האָבען געהאַט 1,500 דאָלער.

דאַן האָבען מיר איינגעאָרדענט מיט דער פארשטענדניש פון דער דזשאָינט דיסטריביושאָן קאָמיטע, שפּאר און לייַ קאַסעס אין אַלע אונזערע 4 היים־שטעטלאך.

דאָס איז געווען דאָס שענסטע קאַפּיטעל אין דער געשיכטע פון דעם פאראיין.

**A GROUP OF THE M.B.G.B. IN KANSAS CITY, MO.**
(Seated left to right): Mrs. Sam Weintraub, Mr. and Mrs. Louis Weintraub, Abraham Merker, Jack Lerner, Chaye Bittner, Mr. & Mrs. Ben Becker. (Second row): Sam Weintraub, Mrs. J. Pitell, Esther Lerner, Peretz Lerner, Tillie Lerner, Berl Bittner, Samuel Schwartz, Izzie Becker. (Top row): Mr. Abrahams, Jack Pitell, Morris Lerner, Ben Lerner, Mr. & Mrs. Morris Kurtz, Jacob Stolover and Mr. Skolsky.



**אַ גרופּע פון די מ. ב. ג. ב. פון קענזעס־סיטי, מיזורי**

זיצענדיג רעכט צו לינקס: מר. און מרס. בען בעקער, חיה ביטנער, יעקב לערנער, אברהם מערקער, מרס. און מר. לואי ווײַנטרויב, מרס. סעם ווײַנטרויב; צווייטע רייע לינקס צו רעכטס: איזי בעקער, שמואל שוואַרץ, בערל ביטנער, טויבע לערנער, פּרץ לערנער, אסתר לערנער, מרס. י. פּיטעל, סעם ווײַנטרויב; דריטע רייע רעכט צו לינקס: מר. סקאָלסקי, יעקב סטאָלאָווער, מר. און מרס. מאָריס קורץ, בען לערנער, משה לערנער, יעקב פּיטעל, מר. אייבראַמס.

בערש חעלעמער אַלס רעקאָרדינג סעקרעטאַר איז געווען אַן אוצר אין דער פֿאַמיליע, ער איז געווען אַ געווינס פֿאַר די אָרגאַניזאַציעס און פֿאַר די לאַנדסלײַט אינדערהיים און אויך צום דזשאָינט ד. ק. דעם בעסטען גײַסטיגען און מאָראַלישען פֿאַרגעניגען האָבען מיר גע־האַט ,וואָס מיר האָבען דערהאַלטען בריוו פֿון אונזערע שטעטלאַך פֿאָרשטייער פֿון די אָרגאַניזאַציעס, מיט פֿאַרשיידענע אָנפֿראַגעס און באַריכטען. אין די זעלבע צײַט האָבען מיר געוואוסט דאָס אינערליכע לעבען פֿון יעדען איינעם אידען פֿון די ערטער, און אויך האָבען מיר אַלעמאָל געהאַט קלאַגען פֿון יחידים. מיר האָבען געהאַט פֿאַרטיי־אישע דיפֿערענציעס און מיר האָבען דאָס אויסגעגליכען דאָ אין קענ־זעס סיטי, און מיר האָבען דערהאַלטען פֿיל ברכות.

מיר האָבען אויך געהאַט באַזונדערע פֿאָנדען, וועלכע מיר האָבען געשיקט, ספּעציעל פֿאַר קויפֿען שיכלעך פֿאַר קינדער, מילך און אויך אַנדערע זאַכען, פֿאַר וועלכע מיר האָבען געהאַט באַזונדערע פֿאָנדען. מיר זײַנען געווען אַזוי צוזאַמען מיט אונזערע לאַנדסלײַט, גלײַך ווי מיר וואָלטען דאָרט געווען.

אין זיי דאָרט האָבען געקראָגען דאָפּעלט, וויפֿיל מיר האָבן זיי געשיקט, ווײַל דער דזשאָינט האָט פֿאַר ריקאָנסטראָקציע אימער גע־טאָפּעלט אונזער מתנה — 1 דאָלער פֿאַר אונזער דאָלער.

מיר האָבען געהאַט א שטילען אָפּמאַך, אַז ווי באַלד, אַז איינער איז פֿאַראָרימט געוואָרען און האָט נישט געקענט אָפּצאָלען דעם גאַנצען חוב, האָבען מיר דאָ שטילערהייט גוט־געמאַכט. דאָס האָט געהייסען צדקה בסתר.

אָבער דאָס שיינקייט איז פֿאַרניכטעט געוואָרען דורך דעם אויסערליכען און אינערליכען שונא, איך האָב אַלעמאָל געהאַלטען, אַז פֿון די פּאָליאַקען וועלען די אידען לײַדען מעהר ווי פֿון די נאַציס און אַזוי איז געווען („חבל על דאבדין ולא משתכחין") ווײַ איז צו די פֿאַרלוירענע, און מען קען זיי נישט מעהר געפֿינען.

אין דער צײַט פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבען מיר דאַך גאָרנישט געקענט טאָן, אָבער מיר האָבען אָנגעזאַמעלט עטליכע טויזענט דאָלער, און באַלד נאָך דער מלחמה האָבען מיר נישט גע־וואוסט, וואָס און ווער עס איז דאָרט געבליבען אָדער נישט.

די ערשטע פֿרײַדנס־טויב איז געקומען צו אונז דורך אַ בולעטין פֿון „תל־אביב" פֿון ישראל זונדער, שמואל די זידעלט'עס אַן איינִיקל,

און אויך פרומעט די טעפּעריגס אַן אייניקעל, זיין פאָטער האָט גע־הייסען יצחק. ישראל זונדער האָט אונז באַקאַנט געמאַכט מיט די שארית הפליטה פון אונזער שטאָט.

מיר האָבען אָנגעפאַנגען צו קריגען באַריכטען פון יעדען איינעם, וואָס האָט זיך געראַטעוועט. מיר האָבען אָנגעפאַנגען צו שיקען שפּייז־פּעקלאַך פון 10 און 20 מיטאַמאָל, פון וועמען מיר האָבען נאָר געהאַט אַן אַדרעס האָבען מיר געשיקט, איינמאָל בין איך געווען ביי אַ מי־טינג, ווייל איך בין נישט געזונט גענוג צו געהן צו אַלע מיטינגען, האָט מען די זעלבע נאַכט קאָלעקטירט 250 דאָלער פאַר שפּייז־פּעק־לאַך אַליין.

מיר האָבען אויך געשיקט 500 דאָלער קיין ארץ ישראל צו העל־פען אונזערע מאַגעלניצער אימיגראַנטען, אויך אויף געצייג, אַ וואוי־נונג, אַ קרעמל, אַזוי אויף אָפּצאָהלונג. מיר ווילען נישט די געלט, חלילה, נאָר כדי עס זאָל בלייבען אַ שטענדיגער פאָנד.

אין מאָנאַט מאַרטש 1949 האָבען מיר געשיקט — 850 דאָלער, פאַר דעם פּראָגראַם אַרויסצוהעלפען מיט רעקאָנסטרוקציע אויף דעם זעלבען אופן ווי מיר האָבען געשיקט בעפאָר, אָבער דאָס אַלעס גייט אויסשליסלעך נאָר פאַר מאָגעלניצער אַליין. אין „ישראל" האָ־בען מיר איבער 100 פאַמיליעס און דאָס אַליין איז אַ צו גרויסע אַרבעט, היינט ווען אַזוי פיל אימיגראַנטען קומען טאָג־טעגלעך דאָרט איז נישטאָ ב' מ' ב' ג' נאָר „אירגון עולי מאָגעלניצע", און מיר דערהאַלטען בולעטינס, וואָס זיי טוען מיט יעדען דאָלער און די ארץ־ישראל'דיגע חברים גיבען מער צושטייער ווי מיר אין אַמעריקע, פּשוט מיט באַרעס געלט.

יעצט די אַקטיוויטעטען פון די אָרגאַניזאַציע אין קענזעס סיטי, די ב' מ' ב' ג' האָט געקראָגען אַנערקענונג ביי די חשוב'סטע אָר־גאַניזאַציעס, די גאַנצע שטאָט ווייסט, וואָס ב' מ' ב' ג, מיינט, און זי איז איינע פון די פיינסטע רעליעף־אָרגאַניזאַציעס אין קענזעס סיטי.

מיר גיבען יעדען יאָהר 500 דאָלער פאַר יונייטעד דזשואיש אַפּיעל, 300 דאָלער פאַר'ן מצה פאָנד, 100 דאָלער פאַר רעד קראָס, און נאָך אַנדערע.

מיר האָבען אַ לאָאַן פאָנד צו לייהען מעמבערס קליינע הלואות, — היינט ווען צייטען זיינען בעסער באַנוצט מען זיך ווייניגער, פריער,

ווען אַ מיטגליד האָט געוואָלט שיקען צו זיין קרוב געלט האָט ער זיך געבאָרגט, און האָט עס נאָכהער צוריק־געצאָהלט אין קליינע אָפּצאָלונגען.

## די אַקטיווע מיטגלידער

מר. אב מערקער, איז פּרעזידענט און איז אַקטיוו און זעהר קאָנ־סערוואַטיוו און מען רעכענט זיך מיט זיין מיינונג. ער איז איבערגע־געבען צו דער זאַך, גלייך דאָס וואָלט געווען זיינע אייגענע געשעפטן, דורך דער גאַנצער צייט, וואָס די אָרגאַניזאַציע עקזיסטירט איז ער נעמען און איצט איז ער שוין באַוואוסט אַלס אייב אַמעריקא־פּרעזי־דענט.

מיין זוהן דזשייק לערנער, איז זעהר אַקטיוו ער און זיין ווייב, מיין קוזינע, איטשע לייבס ביטנער'ס טאָכער, איז זעהר אַקטיוו.

די גאַנצע צייט איז בעריש חעלעמער געווען רעקאָרדינג־סעקרע־טאַר, אָבער ער איז לעצטענס קראַנק געוואָרען און ער האָט געמוזט אויפגעבען זיין אַקטיוויטעט. און מיין שנור מרס. דזשעק לערנער, איז געוואָרען סעקרעטאַר אויף זיין אָרט.

מיין ברודער משה לערנער, איז דער טשערמאַן פון לאָאַן פאָנד פון ערשטען טאָג ווען מען האָט איהם געגרינדעט, ער און זיין פרוי אסתר, זיינען זעהר אַקטיוו.

מיין ברודער בעני לערנער, איז געהאָרעוועט אין אַמעריקע גע־ענדיגט אַמעריקאַנער שולעס, אָבער ער איז אַזוי אַקטיוו, אַז טייל מאָל וואונדער איך מיך אַליין. ער געדענקט גאָר נישט מאָגעליצע, אָבער ער איז ווי מען רופט אַ „לייוו ווייער". (לעבעדיגער דראָט), אָן בעני'ן וואָלט עס גאָרנישט געגאַנגען, זיין ווייב איז אויך אַן אַמעריקאַנער געבוירענע, אָבער זעהר אַקטיוו מיט אים צוזאַמען.

בערל ביטנער זיין פרוי חיה (יודעלע בעל העגלה'ס טאָכטער), זיינען אויך אַקטיווע מיטגלידער, זיי פאַרפעלען נישט קיינע פאַרזאַמ־לונגען, און נעמען אָן יעדע אַרבעט, וואָס עס ווערט זיי אָנגעטרויט. גאַנץ שטיל און באַשיידען טוען זיי, וואָס זיי קענען.

בעריש חעלעמער אַליין אַ גריצער, זיין ווייב איז אַ מאָגעלני־צערין זיינען ביידע פאַראינטערעסירט אין די אָרגאַניזאַציע. בעריש איז געווען איינער פון די גרינדער און אויך דער בעסטער טעטיגער מיטגליד, אַזוי ווי איך, זיינען מיר אַלעמאָל געווען פון די, וואָס האָבען

געקעמפט פאַר קאָנסטרוקטיווע הילף פאַר די לאַנדסלייט, אָבער ליידער אַזוי ווי איך, אַזוי אויך בעריש, זיינען מיר אָנגעגריפען געוואָרען פון אַ האַרץ קראַנקהייט, וועלכעס ערלויבט אונז נישט צו זיין צו פיל אַקטיוו אין אויפרעגונג, אָבער מיר שטיצען די אָרגאַניזאַציעס מאַראַליש וויפיל מיר קענען.

איך אַליין קום טייל מאָהל צו אַ מיטינג און איך גיב־צו מיין חלק וויפיל איך קען. מיין שוועסטער שרה לאה, איהר מאַן משה בראָון זיינען שטענדיג טעטיג אין די אָרגאַניזאַציע, ער איז אין די האָספּיטאָל קאָמיטע, ער זאָגט זיך נישט אָפּ פון קיין שום אַרבייט. מיין ברודער ישראל,און זיין ווייב שרה, געבוירען אין קענזעס סיטי, זיינען חברים אָדער ליידער נישט צו טעטיג. מיר האָבען נאָך מאָגעלניצער, שמואל שוואַרץ הערש פייוול׳ס אַ זוהן, זיין פרוי איז די קליינע אסתר, אַ מאָגעלניצערין איהר פאָטער איז לייבוש גראָסמאַן אָדער לייבעלע לעקער׳ס אַ טאָכטער, אַן איידיקל פון מאיר׳קע קצב, ער איז אַ גוטער חבר, און שטיצט פינאַנציעל אַלע קאַמפּאַניעס. עס זיינען נאָך דאָ מאָגעלניצער צב״שפּ. שלמה שלאַמבערג, יודעלע בעל־עגלה׳ס אַ זוהן, זיין שוועסטער פייגע ווי אויך מיין שנורס שוועסטערין וועלכע באַלאַנגען ליידער אויך נישט. מיינס אַ שוועסטער האָט אַמאָל באַלאַנגט און היינט נישט מעהר, שלמה באָרענשטיין, נחמה באָרענשטיינס אַ ברודער (סילווערשטיינס) און נאָך, וועלכע איך האָב פּיינליך פאַרגעסען .

די „יסודות” פון דער אָרגאַניזאַציע זיינען באַזירט בלויז אויף רעליעף. מיר פאַרמאָגען אַלעמאָל עטליכע טויזענט דאָלער אין באַנק, אָבער מיר האָבען נישט קיין רעכט אויסצוגעבען פאַר אונזער אייגענעם געננוס אַ סענט, ווען מיר האָבען אַן אונטערהאַלטונג איז עס אַבסאָלוט פון אייגענע קעשענעס נישט פון קיין קראַנקען אָדער טויטען אָדער אַרבייטס־לאָזיגקייט פאָנדען. ווייל אַלע ווי איינער זענען מענטשען מיט פּראָפעסיעס אָדער סוחרים, הענדלער אָבער נישט קיין לוין אַרבייטערס. דאָס הייסט מיטלקלאַס מענטשען. עס מוזן אויך צום סוף דערמאָנט ווערן צו גוטען פיר חברים פון גריצער, בלענדעווער און ביאַלער, מערסטענס איז גריצער, פון די אַנדערע בלענדעווער און ביאַלער, האָבען מיר גאַנץ ווייניג.

איינער אַ ביאַלער, יעקב פיטעל איז אַן אומאויפהערליכער אַרבייטער, וואָס איז ווערט געאַכטעט צו ווערען. זיין פרוי, אַ געבוירענע, אין קענזעס סיטי, קען גאַנץ וויינינג אידיש ריידען. זיי זיינען מענ־

טשען אין די 50־ער יאָהרען, האָבען שוין איינינקלאך, אָבער ארבייטען אונערמידלעך.

עס מוזן דערמאָנט ווערן צום גוטען מר. און מרס. בעריש און חיה בעקער. זייער טאָכטער בלענטש און יעקב מאָשיר פאַר גוטע און איבערגעבענע חברים און אַרבייטערס, פאַר היה די בעקערין איז די ב׳ מ׳ ב׳ ג׳ אַ צווייטע רעליגיע.

מר. איטשע מאיר און זיין ווייב, אסתר בעקער זיינען די זעלבע, הייליג איבערגעגעבען פאַר די זאַך, איך מוז דערמאָנען מרס. אסתר לערנער אַ רומענישע אָבער איהר מאַן יעקל פאָליוואקעס פון גריצא ע״ה, זי איז אונזער שטענדיגע פינאנס־סעקרעטאַר, איין פאָלק מר. און מרס. מאָריס קורץ, אַ גריצער, זיין ווייב איז אַ פראַנצויזישע אָבער זי רעדט אַ געזונטען אידיש. זיי זיינען איבערגעגעבען מיט ליב און לעבען פאַר די אָרגאַניזאַציע.

אַזוי ווייט קען איך איבערגעבען מיין באַריכט, אַלזאָ — אַ קליין הייפעלע מענטשען טוען גרויסע אַרבעט.

---

אַט די אַלע נעמען, וועלכע איך האָב דאָ דערמאָנט און איינינגע וועלכע איך האָב על פי טעות ניט דערמאָנט, זיינען אַקטיוו, ווייל ווי איך האָב אין אָנפאַנג געזאָגט, די אָרגאַניזאַציע איז זיי ליב און טייער, לאָמיר האָפען, אַז זיי וועלען שטענדיג זיין אַקטיוו און אָפּ־היטען די יסודות פון ברידערליכע הילף פאַר כל ישראל בכלל און פאַר אונזערע מאָגעלניצער בפרט. אויב זיי וועלען דאָס אָפּהיטען און אָנגיין ווייטער מיט דער אַרבעט, וואָס די דריי פּיאָנערען פון די מאָ־געלניצער אין אַמעריקע — יצחק מאַרקאָוויטש, מרדכי שניצער און לייבוש ראַפּאַפּאָרט האָבען אָנגעהויבען, וועט דער נאָמען „די מאָגעל־ניצער״ זיין אַ שטאָלץ אין דעם קראַנץ פון אידישע לאַנדסמאַנשאַפטען אין אַמעריקע.

אגב וויל איך באַמערקען, אַז פּרץ לערנער איז געווען דער ער־שטער מאָגעלניצער פון אַמעריקע אָפּצושטאַטען אַ באַזוך ביי אונ־דזערע מאָגעלניצער אין ישראל, זייט עס איז מקיום געוואָרען אונ־דזער צוויי טויזענט יאָריקער חלום פון קימת מדינתנו. ער האָט דאָרט געקראָגען אַ שיינע און וואַרעמע אויפנאַמע און אונדז געבראַכט אַ לעבעדיגען און האַרציגען גרוס פון אונדזערע לאַנדלייט, ווען ער איז צוריקגעקומען פון ישראל אין יאָר 1950.

# יזכור — י״ז חשון

## ארגון עולי מוגלניצה, בלנדוב וביאלה בישראל

מיר האָבן איצט דורכגעפירט „יזכור פאַרזאַמלונגען״: איינע אין תל־אָביב, דעם 29טן נאָוועמבער, 1950, מיטן אָנטייל פון 90 אָנוועזענדע, די צווייטע אין חיפה, דעם 30טן נאָוועמבער, 1950, מיטן אָנטייל פון 70 אָנוועזענדע.

די פאַרזאַמלונג אין תל־אָביב איז פאָרגעקומען אין „בית החלוצות״, ביי אַ שוואַרץ געדעקטן טיש און ביי גרויסע ליכט, וואָס דינען אַלעם נשמה ליכט.

דאָן עפנט ח׳ זאָנדער די יזכור פאַרזאַמלונג און זאָגט: מיר פאַראייניגן זיך היינט אָוונט מיט די נשמות פון אונדזערע ברידער, שוועסטער, עלטערן און נאָענטע, די, וועלכע זיינען פאַרביי ווי אַ שאָטען, אַוועק ווי אַ רויך און פאַרשוואונדן ווי אַ חלום.

זייער קבר איז אונדז אומבאַוואוסט, גראָדע ווי דאָס קבר פון משה רבנו. אַזוי ווי ער זיינען זיי געשטאַנען ביים ציל — אַזוי נאָענט צו דער פאַרווירקלעכונג פון בעסטן טרוים און וויזיע און האָבן נישט זוכה געווען דערצו.

נישטאָ וואוהין צו פאָרן אויף קבר אבות, צוטוליען זיך צו דער מאַמע ערד, וואו עס רוען זייערע ביינער וואוהין זיי האָבן זיך צו־ריקגעקערט.

נישטאָ קיין מצבה וואו אויסצוגיסן דאָס ביטערע האַרץ, שטיל, שטיל אָדער מיט אַ הויכן מענה לשון. אַ פאַרבייגייענדער שאָטען, דאַ־ריבער, איז דער טרויער פיל גרעסער און עס פילט זיך שטאַרקער די עלענדקייט. מיר זיינען פאַריתומט געוואָרן און קיינער קען אונדז נישט טרייסטן!

די פאַרזאַמלונג נעמט אָן איינשטימיג דעם פאָרשלאַג, אַז י״ז חשון יעדעס יאָר (אויסער ווען עס פאַלט אויס דער טאָג אין פרייטאָג אָדער אין שבת, ווערט עס אָפּגעלייגט אויף זונטאָג), איז דער יאָר־טאָג פון די מאָגעלניצער.

---

מיר האָבען פאָרגעלייענט דעם בריוו ביי אונדזערס אַ פאַרזאַמ־לונג אין ניו יאָרק, דעם 26טן יאַנואַר, 1951 (שבת־צו־נאַכט כ״ח בטבת, תשי״א) און אַלע פאַרזאַמעלטע זיינען גערירט געוואָרן מיט דעם סענטימענט פון אונדזערע ישראל׳דיגע מאָגעלניצער. מיר האָ־בען איינשטימיג גוטגעהייסען זייער פאַרלאַנג איינצוקריצען אין אונדזער זכרון און אייביג צו געדענקען דעם טאָג י״ז בחשון.

## A GROUP OF MOGELNITZER NAZI VICTIMS



אַ גרופּע פון דער אומגעקומענער מאָגעלניצער יוגענט

שטייענדיג רעכט צו לינקס: אביגדור רייכמאַן, אנשל אנילעוויטש—(לעבט), עזריאל גרייצער, שלמה שטריקמאַכער׳ס זון, מענדל הערב־שטיין בינם, שעבך בעקער׳ס זון, אומבאַקאַנטער.

## Arrangement Committee of Our 35th Anniversary Banquet

Seated (left to right): Leo Lemberger, Hyman Greenberg, and Nathan Schwartz. (Standing): Harry Sysler, Al Sysler, David Tureck and Michael Lemberger.



**אַראַנדזשמענט קאָמיטע פון 35 יאָריקן באַנקעט**

זיצענדיג רעכט צו לינקס: נייטן שוואַרץ, היים גרינבערג און לעאָן לעמבערגער.
שטייענדיג: מיכאל לעמבערגער, דוד טורעק, אל שישלער און הערי שישלער.


*ACKNOWLEDGMENT*

*The author wishes to thank all the Landsleit who were kind enough to lend him the photographs reproduced in this book. Especial thanks to Mrs. Gussie Rinzler, Mrs. William Schutzer, Mrs. Mollie Fried, Mrs. Rae Marel, Mrs. Henrietta Schnitzer. Also to Messrs. Nathan Schwartz, Itche Goodman, Gabriel Weingart, Jack Smith, Louis Hirsch, Getzl Guterman, Irving Brooks from New York, George Goldberg, from Charleston, and Peretz Lerner, from Kansas City and Isroel Zunder for the photos from Israel.*

*"Grandma!* 'C-O-M-B'! That's *how!"*

"Absolutely not. I'm asking Mama." Here Grandma squeezed out of the seat and walked slowly to the door. "Right back," she said to Nina. Then she went down to the store to ask Mama how to spell "comb."

Within five minutes she was back, doubting the entire American education system.

" 'C-O-M-B'," she said slowly to herself as she walked back into the room. "This is foolish."

Nina was ready for Grandma. She folded a large piece of white paper which she had all ready, and then she rolled it into a cone.

"Today you have to wear the dunce cap again," she said. "You made a mistake."

Grandma, at the last moment accepting defeat gallantly, placed the pointed paper cap over her grey hair, and, with the expression of one who has done the same thing many times before, pulled the desk-seat over into the corner facing the wall.

With her pointed cap upon her head, she then squeezed back into the desk-seat and folded her hands.

Facing the corner, she moistened and parted her lips.

" 'C-O-M-B'," she mumbled under her breath. " 'Combeh.' It's a wonderful country, America!'

The girl took one more look at the grandmother's face which she loved. Then, because they asked her to be seated, she turned slowly towards the row of seats. She looked back once to see them putting the plain wood cover over the face of her very first pupil, then, quietly, she took her seat for the services.

school we use a pen." Grandma refused at first; then, at Nina's repeated insistence, she picked up the pen and dipped it into the ink. Just as she finished her name, the pen point snapped from too much pressure and the ink splattered in spots all down the page.

"Now," said Grandma almost angrily, "I will use my pencil. I did not use a pen in the school in Europe, and I will use my pencil here." And then, as an afterthought, "I do not like a pen."

Grandma picked up her pencil and wrote, economically, around the ink spots.

"All right," she said firmly. "Let's do spelling!"

Nina, her ego slightly deflated, began to dictate.

"Spell *'cat'*," she said quitely.

Then, with a little more bravado, " *'dog'!*"

Now, her self assurance regained at the sight of Grandma laboriously writing across the page, Nina brought forth the *piece de resistance*:

"Spell *'comb'!*"

Grandma thought a minute; then she wrote.

Nina collected the paper.

" 'C-A-T'," she corrected. "Right!"

" 'D-O-G'," (a little louder) "Right!"

" 'C....O....M'—oh, Mrs. Markowitz, that's wrong!"

"Wrong?" said Grandma. "What is it it's wrong? 'C-O-M' is 'comb', no?"

"No," said Nina " 'Comb': 'C-O-M-B'."

"How comes 'comb' 'C-O-M-B', this is 'combeh'."

"No, Mrs. Hannah, that's how you spell it. 'C-O-M-B'!"

"You are wrong," said Grandma. "This is impossbile. You don't understand."

